# בוכפירונג




מ. איזענסקי



אַרבייטער־רינג ביבליאָטעק — 22

# בוכפירונג

פאַר ברענטשעס פון אַרבייטער־רינג און ענליכע
אָרגאַניזאַציעס. (איינפאַך און איטאַליעניש־
טאָפּעלטע) מיט פיל אילוסטראַציעס
און פאָרמעס.

פון מ. איווענסקי




אַרויסגעגעבען פון דער

נאַציאָנאַלער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע פון
אַרבייטער־רינג.

ניו־יאָרק, 1922.

אויב די לעקציעס וועלען באמת ברענגען נוצען די סעקרע־טארען פון ארב. רינג, וועט דאָס זיין צו פארדאנקען מיין פריינד נ. פיינערמאַן, וואָס איז געוועזן דער איניציאַטאָר פון די לעקציעס. פאַר אַלע מעגליכע חסרונות טראָג איך אַליין די פאַראַנטוואָרט־ליכקייט.

מיט אכטונג ווערט דער בוך געווידמעט צו דעם איניציאַטאָר.

מ. איווענסקי.





ALLIED PRINTING TRADES UNION LABEL COUNCIL NEW YORK CITY 293

# קליינע פאָררעדע

## וועגען דעם צוועק פון לעקציעס

דער צוועק פון די לעקציעס איז צו געבען אַן עלעמענטאַרען קורס וועגען אַלגעמיינע בוכפירונג און בפרט ווי אַזוי צו פירען די ביכער פון ארבעטער־רינג ברענטשעס אויף אַ סיסטעמאַטישען אופן. יעדער אינטעליגענטער ארבעטער, וואָס איז באַקאַנט מיט די פיר כללים פון אריפמעטיק, דורכלייענענדיג אויפמערקזאַם די בריף, וועט ניט נאָר זיין אימשטאַנד צו זיין אַ גוטער פינאַנץ־סעקרעטאַר אין זיין ברענטש, נאָר ער וועט טאַקי אגב אויך האָבען אַ באַגריף וועגען בוכפירונג בכלל.

עס איז ניטאָ קיין לייכטערע זאַך ווי זיך אויסצולערנען בוכ־פירונג. מען דאַרף נאָר ליב האָבען אָרדענונג און האָבען אַ ביסעל געדולד. די גאַנצע תורה פון בוכפירונג איז אייגענטליך די קונסט צו האַלטען די ביכער אין אַ גוטער אָרדענונג און צו פאַרשרייבען יעדע זאַך אויפ'ן ריכטיגען פּלאַץ, מיט'ן צוועק צו קענען מאַכען אַ ריכטיגען חשבון צו יעדער צייט, ווען עס איז נייטיג.

צו פאַרהיטען זיך פון אַ קראַנקהייט איז אַ סך גרינגער ווי צו היילען די קראַנקהייט, ווען זי איז שוין דאָ. צו פאַרהיטען מיספאַרשטענדניסען און אומזיסטע חשדים איז פיל גרינגער, ווי זיך ארויסצופּלאָנטערען פון די מיספאַרשטענדניסען, ווען זיי זיינען שוין פאָרגעקומען. עס איז דעריבער די פּליכט פון יעדען איינעם,

וועלכער נעמט זיך אונטער צו זיין א סעקרעטאר, צו פארשטיין די סיסטעם, ווי די ביכער דארפען געפירט ווערען. די בריף קענען אויך ברענגען נוצען צו יעדען אינטעליגענטען ארבעטער פאר זיינע אייגענע פריוואטע צוועקען און אויך צו קענען ערפילען ריכטיג זיין שליחות, ווען עס קומט אים אויס צו זיין אין אן אודיטינג קאמיטע.

די בריף וועלען באשטיין פון 12 לעקציעס, וואס וועלען באהאנדלען אלגעמיינע באגריפען. איבערהויפט וועלען זיי אבער האבען אין זינען די בוכפירונג פון ארבעטער־רינג ברענטשעס.

## ערשטע לעקציע

### וועגען קעש בוך (קאַסע בוך)

איינער, וועלכער האָט זיך צו דער עלטער דערוואוסט דעם טייטש פון דעם וואָרט „פּראָזע", האָט אויסגערופען: „עס איז מערקווירדיג, מיין גאַנצען לעבען האָב איך גערעדט פּראָזע און איך האָב דערפון גאָר ניט געוואוסט." עס איז דיזעלביגע זאַך מיט'ן קעש־בוך. יעדער איינער פון אונז האָט צו טאָן מיט הכנסה און הוצאה; די מייסטע פון אונז פאַרשרייבען די הכנסות און הוצאות אין דער אָדער יענער פאָרם. און ווען איינער פאַרשרייבט די הכנסה אויף איין זייט און די הוצאה אויף דער צווייטער, פירט ער אומבאַוואוסטערהייט אַ קעש־בוך, ניט ערגער ווי דער גרעסטער בוכהאַלטער אין אַ גרויס געשעפט.

### קאַלומנאַר און איינפאַכע קעש־ביכער

אין אַמעריקע זיינען די קעש־ביכער צעטיילט אין קאָלומס; אויך זיינען די איינגעפירטע קעש־ביכער פון אַרבעטער־רינג ברענ־טשעס צעטיילט אין קאָלומס. נאָר וועגען די קאָלומס וועלען מיר רעדען שפּעטער. דער עיקר זאַך אין אַ קעש־בוך, צי פון דעם גרעסטען געשעפט, צי פון אַ קליינעם ברענטש, באַשטייט אין דעם, וואָס אויף איין זייט ווערט פאַרשריבען די איננאַמע פון קעש (הכנסה) און אויף דער צווייטער זייט — די אויסנאַבען (הוצאה). עס מאַכט גאָר קיין אונטערשיד ניט, צי דער קעש־בוך איז אַ סענ־טיגער ביכעלע, אָדער אַ טויזענט זייטיגער גראָבער בוך. עס איז דאָ ווערט אויך צו באַמערקען, אַז די קאָלומס זיינען נאָר איינגע־פירט אין אַמעריקאַנער בוכפירונג. אין מייסטע לענדער פון איי־

ראַפּע באַשטייט דער קעש־בוך ער היום בלויז פון צוויי זייטען, און אנדערע אָפּטיילונגען.

ווי געזאָגט, איז דער קעש־בוך א גאנץ איינפאכע זאך. צי ער אנטהאלט קאָלומס אָדער ניט, צי ער ווערט געפירט אין א גרויסען באנק אָדער אין א קליינער גראָסערי — דער עיקר איז: אויף איין זייט ווערט פארשריבען די איינגאמע און אויף דער צווייטער זייט ווערען פארשריבען די אויסגאבען.

## ביישפיל פון טאָג־טעגליכען לעבען

אום צו אילוסטרירען א קעש־בוך אין א קליינעם פאָרמאט, לאָמיר נעמען געוויינליכע חשבונות, וועלכע קומען פאָר טאָג־טעגליך אין אונזער לעבען.

לאָמיר אָננעמען, אז איינער וויל פארשרייבען זיין הכנסה און הוצאה אין א ביכעל סיסטעמאטיש. די הכנסה פון אן אר־בעטער, מ'שטיינס־געזאָגט, באשטייט בלויז פון איין קוואל: שכירות פאר זיין פראצע. דערפאר האָט ער אָבער א סך פלעצער, וואו אויסצוגעבען דאָס געלט. לאָמיר זאָגען, אז דעם 28־טען נאָוועמבער, 1921, איז ביי איינעם געבליבען $30.25 (דרייסיג דאָלער און 25 סענט), דעם זעלבען טאָג האָט ער אויך אָפּגענומען שכירות $40.00 (פערציג דאָלער — מען רעדט פון פראָספעריטי צייטען). דעם 2־טען דעצעמבער האָט דערזעלביגער אויך אָפּגע־נומען א חוב פון זיין פריינד בערנשטיין — $27.42 (זיבען און צוואנציג דאָלער און צוויי און פערציג סענט). פאר דער וואך האָט דער באטרעפענדער אויסגעגעבען: דעם 1־טען דעצעמבער $40.00 פאר רענט, דעם 2־טען: $1.20 (א דאָלער צוואנציג סענט) פאר עלעקטריק, $1.50 (א דאָלער פופציג סענט) פאר גאז, א $1.92 פאר מילך; דעם 6־טען האָט ער באצאָלט בילס: דעם בוטשער $8.55, דעם בעקער $3.25, דעם גראָסערי־מאן $7.50; $5.10 פאר דיוס; עס איז ביי אים אויך אוועק פאר זייטיגע הוצאות $5.00 (פינף דאָלער) און קינדער טאשען־געלט $1.20. אויב אָט די אלע אייטעמס זאָלען פארשריבען ווערען אין דער פאָרם פון א קעש־בוך, וועט די פאָרם זיין ווי פאָלגט:

## CASH ACCOUNT—1921

| DEBIT—INCOME | | | | | CREDIT—DISBURSEMENTS | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| Date | | Explanation | Amount | | Date | | Explanation | Amount | |
| Nov. | 28 | Balance | $30 | 25 | Dec. | 1 | Rent | $40 | 00 |
| " | 28 | Wages for week | 40 | 00 | | 2 | Electric for month | 1 | 20 |
| Dec. | 18 | Bernstein, paid | 27 | 42 | | | Gas for month | 1 | 50 |
| | | | | | | | Milk for week | 1 | 92 |
| | | | | | | | Butcher paid | 8 | 55 |
| | | | | | | | Baker paid | 3 | 25 |
| | | | | | | | Grocery paid | 7 | 50 |
| | | | | | | | General expense | 5 | 00 |
| | | | | | | | Pocket money | 1 | 20 |
| | | | | | | | Dues paid in Br. | 5 | 10 |
| | | | | | | | Total expense | 75 | 22 |
| | | | | | | | Balance | 22 | 45 |
| | | | $97 | 67 | | | | $97 | 67 |

## כללים ווי צו פירען א קעש־בוך

עס איז זייער וויכטיג, עס זאָל פארשריבען ווערען דער דאטום פון יעדען אייטעם, דער טאָג, דער מאָנאט און דער יאָר, אום מען זאָל וויסען ווען א געוויסער פאָרפאַל איז פאָרגעקומען.

קעש־ביכער ווערען געוויינליך געבאַלאַנסט יעדען מאָנאט. (באַלאַנסירען הייסט מאכען ביידע זייטען גלייך.) ווען מען לייגט צו צו דעם סך־הכל פון דער הוצאה דעם רעשט, באטרעפט די סומע אזוי פיל וויפיל די הכנסה. ארונטעררעכענענדיג די אויס־גאבע פון די איינגאמען, בלייבט די סומע, וואָס דאַרף זיך געפינען אין קאסע. (מיר נעמען אָן, אז יעדער סענט, וואָס איז אריין אין קאסע, איז פארשריבען אויף דער הכנסה זייט, און יעדער סענט, וואָס איז ארויס פון קאסע, איז פארשריבען אויף דער הוצאה זייט פון קעש־בוך.)

### ווי אויסצוגעפינען אַ פעלער, ווען די קאסע שטימט ניט

ווען דאָס געלט, וואָס עס געפינט זיך אין קאסע, צי עס איז פאראַן מער אָדער וויינינגער, שטימט ניט מיט'ן חשבון, איז א באווייז, אז פעלערען זיינען געמאכט געוואָרען. אום אויסצוגע־פינען דעם טעות, מוז מען קאָלטבלוטיג איבעררעכענען די חשבונות (דעם צוזאמענרעכענען און ארונטערנעמען, דעם חבור מיט'ן חסור), און אויב דאָס שטימט, קענען די פאָלגענדע פאַלען זיין די אור־זאכען פון פעלערען:

אויב עס איז דאָ איבעריג געלט אין קאסע (לאָמיר אָננעמען 10 דאָלער אין דער רעכענונג, וואָס מיר האָבען אויבען געמאכט) דאַן זיינען מעגליך די פאָלגענדע אורזאכען: 1) עס איז ניט פאר־שריבען געוואָרען א געוויסע איינגאמע; 2) אַן אויסגאבע איז פארשריבען געוואָרען, וואָס עס איז ניט געמאכט געוואָרען; 3) א העלפט פון דער סומע פון די איבעריגע געלט איז פארשריבען געוואָרען אין אויסגאבען אנשטאָט אין איינגאמען. אין אונזער ביישפּיל, לאָמיר זאָגען, אז 5 דאָלער, וואָס איז פארשריבען גע־וואָרען אַלס הוצאה, האָט נאָר געדאַרפט זיין אויף דער זייט פון הכנסה. דער סך־הכל פון אויסגאבען וועט זיין ניט $75.22, נאָר

$70.22. ווידער די הכנסה האָט געדאַרפט זיין ניט $97.67, נאָר מיט 5 דאָלער מער — $102.67. און אז מען נעמט אַרונטער $79.22 פון $102.67, איז טאַקי דער באַלאַנס $32.45, און ניט $22.45. און דאָס זיינען די 10 דאָלער איבעריג געלט, וואָס איז דאָ אין קאַסע.

ווען עס פעלט געלט אין קאַסע, זיינען די כללים דיזעלביגע, נאָר אויף אַ פאַרקערטען אופן:

1) עס איז ניט פאַרשריבען געוואָרען אַ געוויסע הוצאה.

2) אַן איינגאַמע איז פאַרשריבען געוואָרען, וועלכע איז קיינמאָל ניט געמאַכט געוואָרען.

3) אַ האַלבע סומע פונ'ם געלט, וואָס פעלט, איז פאַרשריבען געוואָרען אין איינגאַמע, אַנשטאָט אין אויסגאַבען.

## קליינינגקייטען צו געדענקען

אין צוזאַמענהאַנג מיט'ן קעש־בוך איז וויכטיג צו געדענקען פאָלגענדע קליינינגקייטען:

1) הכנסה ווערט פאַרשריבען אויף איין זייט קעש־בוך און הוצאה אויף דער צווייטער זייט.

2) דער באַלאַנס איז דער איבערבלייב, ווען מען נעמט אַרונטער אויסגאַבען פון איינגאַמע.

3) דער באַלאַנס מיט די אויסגאַבען דאַרף באַטרעפען פונקט ווי די איינגאַמע.

(באַלאַנס + הוצאה = הכנסה)

4) עס איז אַבסאָלוט נייטיג צו פאַרשרייבען דעם דאַטום.

5) מיט דיטאָ־מאַרקס: " " פאַרשפּאָרט מען איבערצו'חזר'ן די זעלבע ווערטער.

Paid grocery bill
" butcher "

עס זיינען, דאַכט זיך, קליינינגקייטען, אָבער מען מוז אָט די קליינינגקייטען געדענקען.

## דעביט און קרעדיט

ווענען די ווערטער „דעביט“ און „קרעדיט“ וועט נאָך אויס־קומען פיל צו רעדען. דערווייל איז וויכטיג, צי געדענקען, אז דעביטירען הייסט באַלאַסטען און קרעדיטירען הייסט ארונטער־נעמען דעם לאַסט. „דעביט“ הייסט אויך נעמען און „קרעדיט“ הייסט געבען. ווען דער קעש־בוך נעמט, דעביטירט מען אים, און ווען דער קעש־בוך גיט, קרעדיטירט מען אים. קעש איינ־נאַמע ווערט פארשריבען אויף דער „דעביט“ זייט; קעש אויס־גאַבען — אויף דער „קרעדיט“ זייט.

## צווייטע לעקציע

### איניגע באַגריפען וועגען בוכפירונג

איידער מיר וועלען איבערגיין צו אַרבעטער־רינג בוכפירונג, וועט ניט שאַדען צו באַקענען זיך מיט איניגע אַלגעמיינע פונדאַמענטאַלע באַגריפען וועגען בוכפירונג. די באַגריפען זיינען דעריבער פונדאַמענטאַל, ווייל סיי אין איינפאַכער בוכפירונג, סיי אין דאָפּעלטער בוכפירונג, אפילו אין העכערער אַקאַונטינג, בלייבען די באַגריפען אַלע מאָל דיזעלביגע.

בוכפירונג הייסט פאַרשרייבען יעדע זאַך אויפ'ן ריכטיגען פּלאַץ, מיט אַ געוויסער סיסטעם, אום צו קענען אויסגעפינען אַ ריכטיגען חשבון.

אַמאָל פלעגען מענשען קענען אַ סך מער געדענקען ווי היינט. איצט מוז יעדע זאַך פאַרשריבען ווערען, אַז ניט קען דאָס פאַרגעסען ווערען. נאָר עס מוז פאַרשריבען ווערען אויף אַזאַ אופן, מען זאָל קענען דערגיין אַ טאָלק.

### דזשוירנאַלס און לעדזשערס

אַלע ביכער, וואָס ווערען געפירט אפילו אין די גרעסטע געשעפטען, ווערען געטיילט אין:

1) גרונד־ביכער — דזשוירנאַלס — פאַר איינשרייבען באַלד (Books of original entry).

2) הויפּט־ביכער — לעדזשערס — אָדער ביכער צו מאַכען דעם סך־הכל.

עס זיינען נאָך דאָ פאַרשידענע הילפס־ביכער: ווי רעסיטס, וואַוטשערס און פאַרשידענע אַנדערע סאָרטען; אָבער דער כלל

האלט אלע מאל אויס, אז אלע ביכער ווערען געטיילט אין צוויי קאטעגאריעס: 1) דזשורנאלס, 2) לעדזשערס.

## דזשורנאלס

א קעש־בוך איז א דזשורנאל, וועלכער ווערט אויסשליסליך איצט געברויכט פאר קעש־איינגאמען און קעש־אויסגאבען.

א דזשיורנאל, אדער א מעמאראנדום־בוך, איז פאר אזעלכע פאלען, וואס האבען מיט קעש ניט צו טאן. יעדער גראסערי־מאן באנוצט זיך מיט א דזשורנאל, ווען ער פארשרייבט אין א קאנזעקוטיוו ארדענונג (קאנזעקוטיוו מיינט איין נאך דעם אנדערען) אלע געשעפטס־פארפאלען, וועלכע קומען פאר אין זיין גראסערי, צי איינער צאלט קעש, צי איינער נעמט אויף בארג, אלץ פארשרייבט ער אין איין בוך. וואלט ער באנוצט אויך א לעדזשער, אויסצוקלייבען די אייטעמס און זיי קלאסיפיצירען, וואלט ער געווען א גאנצער בוכהאלטער. די צרה מיט אזעלכע לייט איז, וואס זיי נוצען קיין לעדזשערס ניט, און אז עס קומט אויס צו מאכען א חשבון, טאפען זיי אין דער פינסטער, לאזען א סך אייטעמס אויס און שטעלען צו פון קאפ אנדערע.

## לעדזשערס

א לעדזשער איז א בוך פאר סך־הכל׳ס.

די וויכטיגקייט פון א לעדזשער איז, וואס ער ווערט צעטיילט אין באזונדערע קאנטאס (אקאונטס). יעדע פערזאן, אדער רעכענונג, האט א באזונדער קאנטא. פון לעדזשער קען מען אלע מאל וויסען ווי יעדער רעכענונג שטייט.

## פראקטישע ביישפילען

אום צו באגרייפען ווי א רעגעלער סעט ביכער ווערט געפירט, לאמיר נעמען געוויסע פארפאלען און זען ווי די פארפאלען ווערען פארשריבען.

לאָמיר אָננעמען, אַז אַ גרופּע מענשען האָבען אַן אונטערנע־מונג פאַר אַ געוויסען וואוילטעטיגען צוועק. אין בוכפירונג איז זייער וויכטיג, אַז קיין זאַך זאָל ניט געהאַלטען ווערען אויפ׳ן קאָפּ, נאָר יעדע זאַך דאַרף טאַקי גלייך פאַרשריבען ווערען. דאָס איז, דאַכט זיך, גאַנץ איינפאַך, נאָר פונדעסטוועגען ווערט דאָס ניט אַלע מאָל אָפּגעהיט. עס האָט שוין איינמאָל געטראָפען, אַז אַן אונטערזוכונגס קאָמיטע איז געקומען אונטערזוכען די ביכער פון אַ געוויסען סעקרעטאַר און עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז דער סעקרעטאַר האָט גאָר קיין ביכער ניט געפירט. ער האָט אַלץ גע־געדענקט אויפ׳ן קאָפּ. און זייער ריכטיג האָט איינער פון דער אונ־טערזוכונגס קאָמיטע באַמערקט: „מיר זיינען געקומען אונטערזוכען אייערע ביכער, ניט אייער קאָפּ“.

אַלזאָ, מוז דער איינפאַכער אמת גוט גענומען ווערען אין זכרון, אַז יעדער טראָט און יעדער פּאָרפּאָל מוז פאַרשריבען ווערען. און אין דעם פאַל פון דער אונטערנעמונג וועלען מיר יעדען פאָר־פאַל פאַרשרייבען.

איינער אַ געוויסער גרינבערג בּאָרגט 100 דאָלער צו קויפען טיקעטס אין אַ טעאַטער פאַר 300 דאָלער. די טיקעטס ווערען פאַרטיילט צווישען 6 פּערזאָן, זיי זאָלען די טיקעטס פאַרקויפען.

ג. ראָזענטאַל נעמט פאַר 75 דאָלער טיקעטס; ס. גרינבערג—פאַר 70 דאָלער; ד. כייקין—פאַר 65 דאָלער; ר. ראָזענבערג—פאַר 60 דאָלער; דוואָרעצקי—פאַר 20 דאָלער און ג. ראָזענבערג—פאַר 10 דאָלער.

ג. ראָזענבערג ווערט אויסגעקליבען אַלס פינאַנץ־סעקרעטאַר און דוואָרעצקי—אַלס טרעזשורער. (עס איז אַבסאָלוט שעדליך, אַז דער סעקרעטאַר און טרעזשורער זאָלען זיין איין און דיזעלבע פּערזאָן.)

די מייסטע טיקעטס זיינען פאַרקויפט געוואָרען. עס זיינען געבליבען ביי כייקין פאַר 10 דאָלער און ביי דוואָרעצקי פאַר 5 דאָלער. די דאָזיגע טיקעטס זיינען צוריקגעקערט געוואָרען.

ראָזענטאַל האָט באַצאָלט 50 דאָלאַר; כייקין—55 ראָזענ־בערג האָט איין מאָל געגעבען 20 דאָלער און איין מאָל 25 (צו־

זאמען 45) ; דוואָרעצקי—15, און ג. ראָזענבערג—10 דאָלער.
דאָס געלט ווערט איבערגעגעבען צו רעליף סאָסייעטיס : צו איינער 100 דאָלער און צו אַן אַנדערער 50 דאָלער. 20 דאָלער ווערט אויסגעגעבען אויף אַ באַנקעט.

## ווי ווערען צוזאַמענגעשטעלט די ביכער

איצט ווילען מיר וויסען אַ רעכענונג. אין אונזער פאַל קען מען דאָס אויפרעכענען אויף אַ שטיקעל פּאַפּיר, ווייל מיר האָבען בלויז עטליכע אקאונטס ; אָבער עס קען דאָך טרעפען, אַז די אקאונטס זאָלען זיין אין די הונדערטער. לאָמיר זיך טאקי מטריח זיין און זען ווי די רעכענונגען דארפען זיין פארשריבען אין די ביכער. פאר קעש־אנגעלעגענהייטען וועלען מיר מאכען אַ באַזונדער דזשוירנאל, און אונזערע ביכער וועלען באשטיין פון : 1) אַ דזשוירנאל, 2) אַלגעמיינער דזשורינאל, 3) קעש־בוך, און 4) אַ לעדזשער.

## JOURNAL

| | | Folio | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| | Dec. 26, 1921 | | | | | |
| | **Debit** | 2 | $ 75 | 00 | | |
| | G. Rosenberg, for tickets | 1 | 70 | 00 | | |
| | S. Greenberg " " | 2 | 65 | 00 | | |
| | D. Chaikin " " | 4 | 60 | 00 | | |
| | B. Rosenberg " " | 5 | 20 | 00 | | |
| | Dworetsky " " | 6 | 10 | 00 | | |
| | G. Rosenberg " " | | | | $300 | 00 |
| | Jan. 6, 1922 | | | | | |
| | **Credit** | 5 | 5 | 00 | | |
| | Dworetsky, Returns | 3 | 10 | 00 | | |
| | Chaikin " | | | | 15 | 00 |
| | Jan. 20, 1922 | | | | | |
| | **Credit** | | | | | |
| | Theatre, Income | 9 | 285 | 00 | | |
| | Cost | | 100 | 00 | | |
| | Profit | | $185 | 00 | | |

## CASH BOOK

| Page (1) | | INCOME | | | | DISBURSEMENTS | | | | Page (1) | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| Date | | Explanation | Folio | Amount | | Date | | Explanation | Folio | Amount | |
| 1921 | | | | | | 1921 | | | | | |
| Dec. | 25 | S. Greenberg | 1 | $100 | 00 | Dec. | 26 | Theatre tickets | 9 | $100 | 00 |
| 1922 | | | | | | Jan. | 20 | Relief war | | | |
| Jan. | 15 | G. Rosenthal | 2 | 50 | 00 | | | sufferers | 7 | 100 | 00 |
| | 16 | D. Chaikin | 3 | 55 | 00 | | | Relief poor | | | |
| | 17 | R. Rosenberg | 4 | 20 | 00 | | | family | 7 | 50 | 00 |
| | | Dvorezky | 5 | 15 | 00 | | | Banquet | 8 | 20 | 00 |
| | | G. Rosenberg | 6 | 10 | 00 | | | Balance | | 5 | 00 |
| | 18 | R. Rosenberg | 4 | 25 | 00 | | | | | | |
| | | | | $275 | 00 | | | | | $275 | 00 |
| | | Balance | | $5 | 00 | | | | | | |

| 1 | | DEBIT | | | | | | CREDIT | | | 1 |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | | S. Greenberg, 77 Fifth Ave., New York | | | | | | | | | |
| 1921 Dec. | 26 | To tickets | J.1 | $70 | 00 | 1922 Dec. | 25 | By Loan | c.1 | $100 | 00 |
| | | Balance | | 30 | 00 | | | | | | |
| | | | | $100 | 00 | | | | | $100 | 00 |
| | | | | | | | | Balance | | $30 | 00 |

| 2 | | DEBIT | | | | | | CREDIT | | | 2 |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | | G. Rosenthal, 90 Madison Ave. | | | | | | | | | |
| 1921 Dec. | 26 | To tickets | J.1 | $75 | 00 | 1922 Jan. | 15 | By Cash | c.1 | $50 | 00 |
| | | | | | | | | Balance | | $25 | 00 |
| | | | | $75 | 00 | | | | | $75 | 00 |
| | | Balance | | $25 | 00 | | | | | | |

3 DEBIT CREDIT 3

D. Chaikin, 14 Broome St.

| | | | | | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1921 Dec. | 26 | To tickets | J.1 | $65 | 00 | 1922 Jan. | 15 | By Cash | c.1 | $55 | 00 |
| | | | | | | | | " Returns | | 10 | 00 |
| | | | | $65 | 00 | | | | | $65 | 00 |

4 DEBIT CREDIT 4

B. Rosenberg, 18 Brook St.

| | | | | | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1921 Dec. | 26 | To tickets | J.1 | $60 | 00 | 1922 Jan. | 16 | By Cash | c.1 | $20 | 00 |
| | | | | | | " | 18 | " " | c.1 | 25 | 00 |
| | | | | | | | | Balance | | 15 | 00 |
| | | | | $60 | 00 | | | | | $60 | 00 |
| | | Balance | | 15 | 00 | | | | | | |

5 DEBIT CREDIT 5

Dworetsky, 70 East 116th St.

| | | | | | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1921 Dec. | 26 | To tickets | J.1 | $20 | 00 | 1922 Jan. | 17 | By Cash | c.1 | $15 | 00 |
| | | | | | | | | “ Returns | | 5 | 00 |
| | | | | $20 | 00 | | | | | $20 | 00 |

6 DEBIT CREDIT 6

G. Rosenberg

| | | | | | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1921 Dec. | 26 | To tickets | J.1 | $10 | 00 | 1922 Jan. | 17 | By Cash | J.1 | $10 | 00 |

7 RELIEF

| | | | | | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1922 Jan. | 18 | To Cash | c.1 | $100 | 00 | | | | | | |
| | 18 | “ “ | c.1 | 50 | 00 | | | | | | |

8 **Debit** EXPENSE **Credit** 8

| | | | | | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1921 Jan. | 18 | To Cash | c.1 | $20 | 00 | | | | | | |

9 **Debit** THEATRE A/C **Credit** 9

| | | | | | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1922 Jan. | 18 | Cash | c.1 | $100 | 00 | 1922 Jan. | 20 | Income | J.2 | $285 | 00 |
| | | Profit | | 185 | 00 | | | | | | |
| | | | | $285 | 00 | | | | | $285 | 00 |

## דריטע לעקציע
(פאָרזעצונג פון צווייטער לעקציע)

### אינפאָרמאַציע, וואָס מיר קריגען פון די ביכער

ווען מען זאָל זיך גוט אריינטראַכטען אין די ביכער, ווי זיי זיינען צוזאַמענגעשטעלט געוואָרען, וועט מען קענען ארויסקריגען אַלע אינפאָרמאַציעס, וואָס איז נייטיג צו וויסען וועגען דער אונטערנעמונג. מען וועט זען, אז די אונטערנעמונג האָט אריינ־געטראָגען $185.00 ריינעם פּראָפּיט; דערפון איז אויסגעגעבען געוואָרען $150.00 פאַר רעליף און $20.00 פאַר אַנדערע אויסגאַבען. עס האָט זיך נאָך אָפּגעשטעלט 15 דאָלער פון פּראָפּיט. מען זאָל אָבער אַ קוק טאָן אין קעש־בוך, וועט מען זען, אז עס איז ניט מער דאָ ווי 5 דאָלער און מיר זיינען נאָך שולדיג גרינבערגן 30 דאָלער; אָבער מען דאַרף ניט פאַרגעסען, אז 40 דאָלער האָבען מיר נאָך חובות; אַלזאָ, וועט טאַקי אויסקומען, אז מיר פאַר־מאָגען נאָך 15 דאָלער. מיר רעכענען די חובות פאַר אזוי גוט ווי קעש. עס איז טאַקי דערביי זייער וויכטיג צו באַמערקען, אז שוה־כסף (זאַכען וואָס זיינען ווערט געלט), ווערען באַטראַכט ווי געלט און פאַרמעגען; ניט נאָר סחורה אָדער חפצים, נאָר טאַקי גוטע שולדען ווערען באַטראַכט אזוי ווי געלט. דער דאָזיגער פּונקט איז זייער וויכטיג און מיר וועלען זיך נאָך אומקערען שפּעטער צו אים.

### די וויכטיגקייט פון סיסטעם

מיר וויסען גאַנץ גוט, אז אַן אָנפאַנגער, ווען ער וועט זיך וועלען פאַנאַנדערקלייבען אין די פאָרמס פון די ביכער, וועט ער זיך אָנשטויסען אָן פיל שוועריגקייטען. עס וועלען אים זיין אומ־

באקאנט איינינע ווערטער און די פּארמע פון די רולינגס א. אז. וו. עס וועלען זיך געפינען אזעלכע, וועלכע וועלען פארלירען אין גאנצען דעם געדולד. נאַ טשטאָ מניע פיזיקאַ?" צוליב וואָס דארף איך האָבען די קונצען?" „אַ קליינינגקייט, אויפצורעכענען אזוי וויינינג געלט דארף מען גאָר האָבען אַ קעש־בוך, אַ דזשוירנאל און אַ לעדזשער, אין דער צייט ווען מען קען דאָס טאָן אויף אַ שטיקעל פּאַפּיר", וועלען אנדערע חכמים מיט גוטע קעפּ זאָגען. מען דערציילט, אז איינער פון אזאַ סאָרט חכמים איז געקומען בעטען אין אַ געשעפט אַ שטעלע אלס בוכהאלטער. — „קענט איר בוכפירונג?" האָט אים דער בעל־הבית געפרעגט. — „ניין", האָט געענטפערט דער קאנדידאַט פאר דער בוכפירונג־שטעלע, — „איך האָב אָבער אַ גוטען קאָפּ". — „אויב אזוי, זאָגט מיר, וויפיל וואָלט באטראָפען אַ מאנטעל, אויף וועלכען עס איז אוועק 4 יארד צו 6 דאָלער; 2 און אַ האלב יארד ליינינג צו $1.68; $1.25 פאר טרימינג; 62 סענט פאר קנעפּלאך און 18 דאָלער פאר מלאכה־געלט?" האָט דער באָס געפרעגט. — „ווייס איך וואָס?" האָט דער קאנדידאַט געענטפערט: „אזוי ווי איך האָב אַ גוטען קאָפּ, וואָלט איך זיך ניט געבאַרערט מיט אזעלכע זאכען, — איך וואָלט געגאנגען אין קראָם און וואָלט געקויפט אַ פארטיגען מאנטעל..." „נו, אויב איר האָט טאקי אזאַ גוטען קאָפּ, זאָגט מיר, איך בעט אייך, ווי איך קען גיכער פּטור ווערען פון אייך", האָט דער בעל־הבית געזאָגט.

די וואָס האָבען ווירקליך גוטע קעפּ דארפען פארשטיין, אז אויב מען ווייס ווי צו באהאנדלען קליינע רעכענונגען סיסטעמאַטיש, קען מען אויך פירען גרויסע רעכענונגען אין אַ גוטער אָרדענונג. מיר וועלען דעריבער אנאליזירען די אקאונטס, וועלכע זיינען צונויפגעשטעלט געוואָרען, און לערנען די פּרינציפּען, וואָס זיינען אין זיי פאַרוויקעלט.

## פערזענליכע און זאכליכע אקאונטס

איר וועט באמערקען, אז אין לעדזשער האָבען מיר 9 אקאונטס: 6 פון פערזאָנען און 3, וועלכע שטעלען מיט זיך קיין פערזאָנען

ניט פאַר. אין אַנדערע ווערטער: מיר האָבען 6 פּערזענליכע און 3 זאַכליכע אַקאַונטס.

## די צוויי סיסטעמען פון בוכפירונג

ווי באוואוסט, זיינען דאָ צוויי הויפּט־סיסטעמען אין בוכ־פירונג: איינפאַכע בוכפירונג און דאָפּעלטע, אָדער ווי די צווייטע סיסטעם ווערט אָנגערופען: איטאַליעניש דאָפּעלטע בוכפירונג. געוויינליך זאָגט מען, אַז איינפאַכע בוכפירונג האָט צו טאָן בלויז מיט פּערזאָנען און דאָפּעלטע בוכפירונג האָט צו טאָן אי מיט פּערזאָנען, אי מיט זאַכען. עס איז אָבער ניט אין גאַנצען אמת. אין איינפאַכער בוכפירונג קענען אויך זיין זאַכליכע אַקאַונטס; עס איז אָבער נייטיג צו פאַרשטיין ווען אַ זאַכליכער אַקאַונט ווערט דעביטירט און ווען ער ווערט קרעדיטירט. און דאָ קומען מיר ווידער צו די ווערטער „דעביט" און „קרעדיט".

מיר האָבען שוין פריער דערקלערט די ווערטער, אָבער די ווערטער מוזען גרינדליך פאַרשטאַנען ווערען.

דעביטירען הייסט באַלאַסטיגען פאַר'ן נעמען און קרעדיטירען הייסט אַרונטערנעמען דעם לאַסט פאַר'ן געבען. מען דעביטירט אַן אַקאַונט, ווען דער אַקאַונט נעמט; מען קרעדיטירט אַן אַקאַונט, ווען דער אַקאַונט גיט.

## ווי ווערען די אַקאַונטס באַהאַנדעלט

### פּערזענליכע אַקאַונטס

גרינבערג איז קרעדיטירט מיט די 100 דאָלער, וועלכע ער האָט געליען (געגעבען) און איז דעביטירט מיט די 70 דאָלער טיקעטס, וועלכע ער האָט גענומען. ער האָט געגעבען מיט 30 דאָלער מער ווי ער האָט גענומען און ער האָט דעריבער אַ קרעדיט באַלאַנס.

ראָזענטאַל איז דעביטירט מיט די 75 דאָלער טיקעטס, וועלכע ער האָט גענומען, און איז קרעדיטירט מיט די 50 דאָלער קעש,

וואָס ער האָט געגעבען. ער האָט גענומען מער ווי ער האָט גע־
געבען און דעריבער האָט ער אַ דעביט באַלאַנס.

כייקין איז דעביטירט מיט 65 דאָלער, וואָס ער האָט גענומען, און עס קרעדיטירט מיט די 55 דאָלער קעש, וואָס ער האָט געגעבען און מיט די 10 דאָלער טיקעטס, וועלכע ער האָט צוריקגעגעבען. ער האָט אַזוי פיל געגעבען, וויפיל ער האָט גענומען און זיין אַקאונט איז באַלאַנסירט, אָן שום איבערבלייב.

די איבעריגע פערזענליכע אַקאונטס זיינען אויף דעם זעלבען אופן צוזאַמענגעשטעלט. עס איז דערביי וויכטיג צו באַמערקען, אַז איידער אַ רעכענונג ווערט געשלאָסען, ווערט צוגעשטעלט צו דער קרעדיט־זייט דער דעביט באַלאַנס, אויב אַזעלכער איז פאַראַן, און צו דער דעביט־זייט — דער קרעדיט באַלאַנס. מען איז זיך נוהג צוצושרייבען דעם באַלאַנס מיט רויטע טינט. דער באַלאַנס ווערט צוגעשטעלט פשוט דערפאַר, כדי זיך צו איבערצייגען, אַז דאָס צוזאַמענציען איז ריכטיג. אַזוי ווי מען מאַכט, למשל, אין אַריפמעטיק אַ פּראָבע צי אַ חבור אָדער אַ חסור איז ריכטיג. ווען מען נעמט אַרונטער אַ סומע און דערנאָך שטעלט מען די זעלבע סומע צו, דאַרף דאָס געבען די פריערדיגע סומע.

## זאַכליכע אַקאונטס

איצט וועגען די זאַכליכע אַקאונטס. דער קעש־בוך (דער קעשיר) ווערט דעביטירט מיט די געלדער, וועלכע ער נעמט אַריין, און קרעדיטירט מיט די געלדער, וועלכע ער גיט אויס.

דער רעליף־אַקאונט, דער ממונה איבער'ן רעליף פאָנד, ווערט דעביטירט מיט די 150 דאָלער, וועלכע ער האָט גענומען.

דער עקספּענס אַקאונט ווערט דעביטירט מיט די 20 דאָלער, וואָס ער האָט גענומען (עס האָט געקאָסט).

דער טעאַטער אַקאונט ווערט דעביטירט מיט 100 דאָלער, וועלכע ער האָט גענומען פאַר טיקעטס (טיקעטס האָבען אַזוי פיל געקאָסט), און ווערט קרעדיטירט מיט די 285 דאָלער, וועלכע ער האָט געגעבען (האָט אַריינגעבראַכט). עס בלייבט אַ קרעדיט באַ־
לאַנס פון 185 דאָלער, וואָס דער טעאַטער האָט געגעבען מער ווי

ער האָט גענומען. און דאָס באַטראַכטען מיר אַלס פּראָפּיט פון דער אונטערנעמונג.

## וועגען דזשורנאל

איצט אַ פּאָר ווערטער וועגען דזשורנאל, וואָס איז באַשטימט פאַר פאָרפאַלען, וואָס האָבען מיט קעש ניט צו טאָן.

דער דזשורנאל איז באַשטימט פאַר אַריינשרייבען גלייך אַלע פאָרפאַלען, אויסער קעש־אַנגעלעגענהייטען. די אַקאונטס ווערען דאָרטען אויך דעביטירט, ווען זיי נעמען עפּעס, און ווערען קרע־דיטירט, ווען זיי געבען.

די, וועלכע האָבען גענומען טיקעטס, זיינען דעביטירט, און די, וועלכע האָבען געגעבען צוריק די טיקעטס, זיינען קרעדיטירט.

פון דזשורנאל ווערען די אַקאונטס איבערגעטראָגען, אָדער געפּאָסטעד צום לעדזשער. אַלע דעביט אַקאונטס — אויף דער דעביט זייט פון לעדזשער און אַלע קרעדיט אַקאונטס — אויף דער קרעדיט זייט פון לעדזשער.

דער סדר נאַטירליך דאַרף זיין: פאַרשרייבען אין דזשורנאל אַלע פאָרפאַלען, וואָס האָבען מיט קעש ניט צו טאָן, פאַרשרייבען אַלע קעש פאָרפאַלען אין קעש־בוך און פון די ביידע ביכער פּאָסטען אין לעדזשער.

## דער דזשורנאל און דאָפּעלטע בוכפירונג

מען זאָגט, אַז עס דאַרפען זיין צוויי פערזאָנען צו מאַכען אַ געשעפט. אין בוכפירונג זיינען אַלע מאָל דאָ צוויי פּאַרטיעס: איינער אַ נעמער און איינער אַ געבער, אַ דעביטאָר און אַ קרעדי־טאָר, און אויף אָט דעם פּרינציפּ איז געבויט די דאָפּעלטע בוכ־פירונג: איין אַקאונט ווערט דעביטירט און איין אַקאונט — קרע־דיטירט. גרינבערג גיט 100 דאָלער, ווערט ער קרעדיטירט. דאָס געלט נעמט דער קעש אַקאונט (דער קעשיר), און דער קעש אַקאונט ווערט דעביטירט. עקספּענס האָט גענומען 20 דאָלער און ווערט דעביטירט, קעש האָט געגעבען 20 דאָלער און ווערט קרעדיטירט.

נאָר וועגען דאָפּעלטע בוכפירונג אַן אַנדערש מאָל. דאָס איז דער־
ווייל בדרך אגב.

אין גרעסערע געשעפטען זיינען פאראַן פארשידענע דזשויר־
נאַלס, אויסער אַן אַלגעמיינעם. עס איז דאָ אַ דזשוירנאַל פאַר
קרעדיטאָרען — אַ קויפּס־בוך (purchase book); אַ בוך פאַר
דעביטאָרען — פארקויפס־בוך (sales book), — נאָר פאַר אונז
איז דערווייל וויכטיג צו ויסען, אז אָדער אַן אַקאַונט ווערט
דעביטירט אָדער קרעדיטירט אין דזשוירנאַל. אין דאָפּעלטער בוכ־
פירונג ווערט צו דער זעלבער צייט אַן אַקאַונט אי דעביטירט, אי
קרעדיטירט.

## ווי זאַכליכע אַקאַונטס ווערען געטיילט

זאַכליכע אַקאַונטס ווערען געטיילט אין ריעלע און נאָמינעלע
אַקאַונטס. אַ ריעלער אַקאַונט איז אַזאַ, וואָס האָט אין זיך עטוואָס
ממשות'דיגעס, די זאַכען וואָס מיר באַזיצען (עסעטס), ווי הייזער,
ביכער, קעש, א. אַז. וו., אָדער אונזערע שולדען (לייאַביליטיס).
אַ נאָמינעלער אַקאַונט איז אַן אַקאַונט פון אַ געווין אָדער פאַר־
לוסט: איינגאַמע פאַר טיקעטס, עקספּענס א. אַז. וו. עס זיינען
אויך דאָ כלל אַקאַונטס (קאָנטראָלינג). אַן אַקאַונט פון אונזערע
אַלע בעלי חובות, פון אַלע מיטגלידער פון אַ פאַראיין זיינען כלל
אָדער קאָנטראָלינג אַקאַונטס.

## לעדזשערס

פון די ביכער, וואָס זיינען באַשטימט פאַר באַלדיגע איינ־
שרייבונגען (ביכער פון ארידזשינעל ענטרי) ווערען אַלע פאַרפאַלען
איבערטראָגען אין לעדזשערס. אַ לעדזשער אַנטהאַלט אי פערזענ־
ליכע, אי זאַכליכע אַקאַונטס. אַן אַלגעמיינער לעדזשער אַנטהאַלט
אין מאָדערנער בוכפירונג בלויז זאַכליכע אָדער כלל אַקאַונטס. אַלע
אַקאַונטס פון לעדזשער ווערען אַראָפּגענומען אויף אַ באַזונדער
בויגען, „פּרוף באַלאַנס", און פון אָט דעם בויגען ווערען פאַרפער־
טיגט פינאַנציעלע סטייטמענטס.

## פינאַנציעלע סטייטמענטס

ווען מיר זאָלען וועלען אונזער גאַנצע אינפאָרמאַציע, וואָס מיר האָבען, ארויסקריגען פון די ביכער, פארלאַנגען אַ סטייטמענט, וואָלט די פאָרם געווען ווי פאָלגט :

### INCOME STATEMENT

| | |
|---|---|
| Income from tickets | $285.00 |
| Cost | 100.00 |
| Income from operation | $185.00 |
| Expense | 20.00 |
| Net profit | 165.00 |
| Paid to relief societies | 150.00 |
| Balance | 15.00 |

### BALANCE SHEET

**Assets**

זאַכען וואָס מיר באַזיצען

| | |
|---|---|
| Cash | $ 5.00 |
| Rosenthal | 25.00 |
| Rosenberg | 15.00 |
| | $45.00 |

**Liabilities**

שולדען

| | |
|---|---|
| Greenberg | $30.00 |
| Net capital | 15.00 |
| | $45.00 |

## עסעטס און לייאביליטים

עסעטס (אקטיווא) מיינט זאכען אָדער ווערטען (values) וואָס מיר האָבען אין אונזער רשות, ווי געלט, מעבעל, גוטע שולדען אָדער וועקסלען, וואָס מיר דארפען איינמאָנען, און אזוי ווייטער.

לייאביליטיעס (פאסיווא) מיינט שולדען אָדער וועקסלען, וואָס מיר דארפען באצאָלען.

אז מען נעמט ארונטער לייאביליטים פון עסעטס, בלייבט אונז דער נעט קאפיטאל. לייאביליטים מיט קאפיטאל באטרעפט וויפיל (איז גלייך =) עסעטעס.

דאָס ביסעל אלגעמיינע באגריפען וועגען בוכפירונג וועלען אונז העלפען בעסער צו פארשטיין די בוכפירונג פון ארבעטער־רינג ברענטשעס און פון ענליכע אינסטיטוציעס.

## פערטע לעקציע

### רוטינע פון אַרבעטער־רינג בוכפירונג

איצט וועלען מיר אַביסעל איבערררייסען וועגען אַלגעמיינע בוכפירונג און מיר וועלען באַהאַנדלען די בוכפירונג אין אַרבעטער־רינג ברענטשעס.

עס מוז דערביי באַמערקט ווערען, אַז פון דער בוכפירונג אין ברענטשעס קריגט מען אויך מער ידיעות וועגען בוכפירונג בכלל. דער, וואָס פאַרשטייט צו פירען אַ קאָלומנאַר קעש־בוך אין אַ ברענטש און קען דאָס אויך אַנאַליזירען, פאַרשטייט אויך צו פירען אַזאַ קעש־בוך אין אירגענד וועלכער געשעפטליכער אונטער־נעמונג; מען מוז אָבער מודה זיין, אַז די בוכפירונג אין די ברענטשעס איז אַ ספּעציעלע זאַך און האָט זיינע אייגענע כללים, יעדענפאַלס וועלען מיר אָנווייזען ווי ברענטש בוכפירונג אונטער־שיידט זיך פון אַלגעמיינער בוכפירונג.

### אָרגאַניזירונג פון פינאַנסען

### סעקרעטאַר און טרעזשורער

דאָ איז דער פּלאַץ אויך צו באַשפּרעכען פליכטען פון אַ סעק־רעטאַר און ווי דאַרפען די פינאַנסען אין די ברענטשעס אָרגאַ־ניזירט ווערען.

די אויפזיכט איבער די פינאַנסען דאַרף האָבען איינער, אָדער עטליכע טראָסטיעס. עס דאַרף אומבאַדינגט זיין אויך אַ טרע־זשורער, וועלכער דאַרף שטיין אין דירעקטער פאַרבינדונג מיט'ן סעקרעטאַר.

אויף יעדען סענט, וואָס דער סעקרעטאַר דערהאַלט, מוז ער

ארויסגעבען א רעסיט, צי דאָס געלט ווערט דערהאלטען פון מיט־גלידער פאר דיוס, צי א נדבה פאר אירגענד װעלכען צוועק, אָדער אפילו פאר געלדער, וואָס זיינען באשטימט פאר אנדערע אָרגאַ־ניזאציעס.

אויף יעדען סענט, וואָס א סעקרעטאר צאָלט אויס, דארף ער האָבען אַן אויטאָריזירטען וואוטשער (די אויסגאבע מוז ווערען באשטימט פון ברענטש און עס מוז געציינט ווערען אויך אז די אויסגאבע איז ווירקליך געמאכט געוואָרען.)

וואו עס איז נאָר מעגליך, דארף געעפענט ווערען א טשעק־אקאונט. עס איז ראטזאם, אז די טשעקס זאָלען אונטערגעשריבען ווערען פון א טראָסטי און פון טרעזשורער.

צום ענד פון יעדען מיטינג דארף דער סעקרעטאר איבער־געבען דאָס גאנצע געלט, וואָס עס איז קאָלעקטירט געוואָרען, צום טרעזשורער און נעמט ביי אים ארויס א רעסיט.

ווען עס איז דאָ א טשעק־אקאונט, דארף יעדער סענט, וואָס איז קאָלעקטירט געוואָרען, דעפּאָנירט ווערען אין דער באנק.

די דעפּאזיטס אין באנק־בוך, אָדער אין באנק־סטייטמענט, דארפען שטימען מיט די רעסיטס, וועלכע דער סעקרעטאר האָט פון טרעזשורער.

עס איז זייער וויכטיג, אז געלט זאָל דעפּאָנירט ווערען נאָר פון טרעזשורער. פאר יעדען רעסיט, וואָס דער סעקרעטאר נעמט ארויס פון טרעזשורער, נעמט ער פון זיך ארונטער די פאראנט־וואָרטליכקייט, און די פאראנטוואָרטליכקייט גייט אריבער אויפ'ן טרעזשורער.

א רעסיט פון טרעזשורער דארף געהיט ווערען פונקט ווי געלט. עס איז נייטיג פאר זיי צו האָבען א ביינדער (טאָוולען, אין וועלכע פאפירען ווערען געהאלטען). די בעסטע זאך איז צו האָבען א באזונדער בוך.

די געלדער, וועלכע דער טרעזשורער דערהאלט, מוזען דע־פּאָנירט ווערען אין באנק.

סיי דער טרעזשורער, סיי דער סעקרעטאר, מוזען שטיין אונ־טער באָנדס.

יעדע אויסגאבע דארף געמאכט ווערען דורך א טשעק. אין יעדען באנק קען מען קריגען וואוטשער טשעקס, ד. ה. אויף א טייל פון טשעק איז דא א וואוטשער, אויףוועלכען מען קען פארשרייבען פארוואס דער טשעקאיז ארויסגעגעבען געווארען.

## א פארם פון א וואוטשער טשעק:

(עס ווערט אויסגעמאכט א רעגעלער טשעק, און א באזונדער פלאץ איז דא צו פארשרייבען, פאר וואס דער טשעק איז ארויס־געגעבען געווארען.)

## עקספענס טשעק

פאר קליינע אויסגאבען נעמט דער סעקרעטאר ארויס א טשעק פאר א געוויסער סומע, און ווען די סומע גייט אויס, נעמט ער ארויס נאך אזא טשעק. פאר דער קלענסטער סומע מוז געהאלטען ווערען א וואוטשער.

## ווען עס איז ניטא קיין טשעק אקאונט

אויב אין א פארוואלטונג ווינקעל קען קיין טשעק אקאונט ניט געהאלטען ווערען א(זעלכע פלעצער זיינען ווייניג דא אין אמע־ריקע), דארף דער טרעזשורער זיין דער באנקיר. דער טרעזשורער נעמט צו דאס גאנצע געלט און ער גיט דערפאר ארויס א רעסיט. דער טרעזשורער איז פאראנטווארטליך פאר די אריינגענומענע געלט לויט די רעסיטס. דער טרעזשורער צאלט אויס די געלט ווידער אויף רעסיטס, וועלכע ער באקומט. פאר יעדען רעסיט, וואס ער גיט ארויס, פארגרעסערט זיך זיין פאראנטווארטליכקייט; פאר יעדען רעסיט, וואס ער נעמט, פארקלענערט זיך זיין פאר־אנטווארטליכקייט.

## ביכער און פארמס

פארמס פון רעסיטס און וואוטשערס זיינען דא פארטיגע אין גענעראל־אפיס פון ארבעטער־רינג. עס איז אבסאלוט נייטיג, אז

יעדער רעסיט זאָל לאָזען אַ קאָפּיע אין בוך דורך קארבאָן־פּאַפּיר. אַ וואוטשער איז יעדער באוויז פאַר אַן אויסגאַבע; דערביי דאַרף אַ וואוטשער צייגען, אַז די אויסגאַבע איז אויטאָריזירט געוואָרען פון ברענטש.

אויסער פאַרשידענע רעפּאָרט־ביכער, זיינען פאָלגענדע ביכער נייטיג אין אַ ברענטש.

1) רעסיט־ביכער, וועלכע האָבען קאָנסעקוטיוו נומערען (איין נומער נאָך דעם אַנדערען). די רעסיטס דאַרפען זיין אַזוי איינגעאָרדענט, אַז זיי זאָלען זיך קענען גרינג אָפּרייסען און אַ קאָפּיע זאָל פאַרבלייבען אין בוך.

2) אַ קעש־בוך, פאַר איינגאַמע און אויסגאַבען פון געלט.

3) אַ לעדזשער, אָדער אַ בוך, וואָס אַנטהאַלט די רעכענונגען און די רעקאָרדס פון יעדען מיטגליד באַזונדער.

אויסער די דאָזיגע נייטיגע ביכער, איז ראַטזאַם צו האָבען אַ דזשורנאַל, אין וועלכען עס זאָלען איינגעטראָגען ווערען אַלע פאַרפאַלען, וואָס קומען פאָר אין ברענטש, ווי אונטערנעמונגען א. אַ. וו., און אויך אַן אַלגעמיינעם לעדזשער, פאַר האַלטען די סך־הכל'ס פון זאַכליכע אַקאַונטס, ווי איין אַקאַונט פאַר ברענטש־אַדמיניסטריישאָן, איין אַקאַונט פאַר שטיצע, איין אַקאַונט פאַר אונטערנעמונגען, איין אַקאַומט מיט'ן גענעראַל־אָפּיס, איין אַקאַונט מיט'ן סעמעטערי דעפּאַרטמענט, איין אַקאַונט פאַר רעליף א. אַ. וו.

די איבעריגע רעקאָרדס, ווי צום ביישפּיל וועגען נייע, עקספּעלטע און רעאינסטייטעטע מיטגלידער, אָדער רעקאָרדס וועגען באַאַמטע א. אַ. וו., זיינען בלויז זייטיגע רעקאָרדס און קענען אַלס ביכער ניט באַטראַכט ווערען. אָבער עס מוז דערויף אויפמערקזאַם געמאַכט ווערען, אַז זיי זיינען אַזוי נייטיג ווי אַנדערע ביכער.

## ביכער פאַר ספּעציעלע פאָנדס

אין די מייסטע ברענטשעס זיינען דאָ, אויסער די פאָנדס פון ברענטש, אַנדערע פאָנדס; ווי אַ לאָאַן פאָנד, אַ לייבאָר־לייסעאום, אַ ביבליאָטעק, א. אַ. וו. עס איז ראַטזאַם, אַז פאַר אַזעלכע זייטיגע אינסטיטוציעס זאָלען זיין ספּעציעלע באַאַמטע: אַ ספּע־

ציעלער סעקרעטאר, א ספעציעלר טרזשורער און ספעציעלע טראַס־טים. א סעקרעטאר, וואָס קען נעמען טשארדזש איבער זייטיגע פאָנדס און זיי ניט מישען מיט די ברענטש פאָנדס, דארף זיין א זייער געניטער בוכפירער. יעדענפאלס דארפען זייטיגע אונ־טערנעמונגען זיין ספעציעלע ביכער.

ביכער פאר יעדער זייטיגער אונטערנעמונג באשטייען אויך פון (1) דזשוירנאלס (פאר פארשידענע פאַרפאלען), (2) א קעש־בוך (פאר קעש איינגאמע און אויסגאבען) און (3) לעדזשערס פאר האלטען די רעכענונגען סיסטעמאטיש.

די פאָרמען פון די ביכער קענען זיין פארשידען, לויט די ספעציעלע באדערפעגישען פון יעדער אונטערנעמונג באזונדער. נאָר ווי די פאָרמס זאָלען ניט זיין, איז דער עיקר פון פרינציפאלס פון בוכפירונג דיזעלבע.

איצט וועלען מיר באהאנדלען די רוטיגע ארבעט פון ברענטש בוכפירונג.

פינפטע לעקציע

## דער קעש־בוך פאר ארבעטער־רינג ברענטשעס

דער קעש־בוך, וואס איז איינגעפירט אין גענעראל־אפיס פון ארבעטער־רינג, פאר די ברענטשעס, צעטיילט זיך אין פארשידענע קאלומס.

עס איז אויף דער דעביט זייט (הכנסה זייט) פון קעש־בוך 8 קאלומס און אויף דער קרעדיט זייט (הוצאה זייט) 9 קאלומס; און דא קומען מיר צו א קאלומנאר קעש־בוך, וועלכער ווערט פראקטיצירט אין יעדער אמעריקאנער געשעפטס־אונטערנעמונג.

## איינגאמע און אויסגאבען

א קאלומנאר קעש־בוך, אייגענטליך, איז געבויט אויפ'ן זעלבינגען פרינציפ, ווי א איינפאכער קעש־בוך. אויף איין זייט זיינען די איינגאמען און אויף דער אנדער זייט — די אויסגאבען; אבער די איינגאמען, אזוי גוט ווי די אויסגאבען, באשטייען פון פארשידענע טיילען. ווען מען באצאלט א חוב, איז דאס אויך אן אויסגאבע, אבער דאס קען ניט גערופען ווערען קיין עקספענס; עקספענס מיינט אן אויסגאבע, וואס איז א פארלוסט פאר'ן געשעפט. ווען מען גיט אייך צו האלטען פאר א קורצער צייט געלט, ווערט דאס געלט אויך פארשריבען אין קעש איינגאמע, אבער אזעלכע געלדער זיינען ניט קיין איינגאמען פאר דעם געשעפט. אויסער דעם, זיינען דא פארשידענע אויסגאבען און פארשידענע איינגאמען. אין די ברענטשעס פון ארבעטער־רינג, למשל, נעמט מען איין געלט פון מיטגלידער פאר אסעסמענטס, פאר אונטערנעמונגען, מיטגלידער באצאלען חובות, וועלכע געהערען צום לאאן־פאנד. ווייטער זיינען פאראן אנדערע אויסגאבען. געלט ווערט

געצאָלט, צום ביישפּיל, צו מיטגלידער פאַר קראַנקען־בענעפיט און פאַר אַזעלכע געלט קריגט מען קרעדיט אין גענעראַל־אָפּיס; אויך צאָלט מען געלט פאַר פּאָסטעדזש, רענט א. אז. וו., פאַר וועלכע מען קריגט קיין קרעדיט ניט.

## אינפאָרמאַציע וועגען איינצעלהייטען

יעדער איינער וועט צוגעבען, אז ווען איינער זאָגט, אז די איינגאַמע איז געוועזן למשל $800.00 און די אויסגאַבען זיינען געוועזן $600.00, איז די אינפאָרמאַציע ניט גענוג. מען וויל וויסען פאַר וואָס די געלט איז איינגענומען געוואָרען און אויף וועלכע צוועקען דאָס געלט איז אויסגעגעבען געוואָרען.

פון א קעש־בוך, וואָס האָט בלויז צוויי זייטען, ווען איר ווילט אַרויסנעמען אַלע איינצעלהייטען, דאַרפט איר אויסקלייבען אייטעם פאַר אייטעם, ביז וואַנען איר קריגט דעם ריכטיגען חשבון, און עס מאַכט פיל שוועריגקייטען. דעריבער מוז מען זאָגען, אז די קאָלומנאַר קעש־ביכער, וואו יעדע איינצעלהייט ווערט פאַרשריבען גלייך אין א באַזונדער קאָלום, זיינען זייער פּראַקטיש, ווייל מען קען אַרויסקריגען פון זיי דעם ריכטיגען חשבון, צוזאַמענציענדיג די קאָלומס אין געוויסע פּעריאָדען.

## די קאָלומס

איצט וועלען מיר באַטראַכטען יעדען קאָלום אין קעש־בוך באַזונדער.

סיי אויף דער דעביט זייט, סיי אויף דער קרעדיט זייט, געפינט איר דעם לעצטען קאָלום, וואָס הייסט „טאָטאַל". מייסטע סעקרעטאַרען אין אַרבעטער־רינג ברענטשעס באַנוצען דעם קאָלום צו מאַכען סך־הכל'ס. פריער פאַרשרייבען זיי יעדען אייטעם אין דעם פּאַסענדען קאָלום און דערנאָך מאַכען זיי פון אַלע קאָלומס א סך־הכל און פאַרשרייבען דאָס אין לעצטען קאָלום, וואָס הייסט „טאָטאַל".

עס איז נאַטירליך ניטאָ אין בוכפירונג קיין זאַך „הלכה למשה

מסיני". יעדער באַגייט זיך ווי עס איז אים באַקוועם; אָבער מען מוז זאָגען, אַז אַזאַ פּראָצעדורע איז ניט פּראַקטיש און מען מוז אויך מודה זיין, אַז עס איז אַ חסרון, וואָס דער קאָלום „טאָטאַל" איז דער לעצטער און וואָס עס הייסט גאָר „טאָטאַל". אַזאַ קאָלום האָט געדאַרפט הייסען „נעט קעש" און זיין דער ערשטער, ווי עס פירט זיך אין אַלע אמעריקאַנער געשעפטען.

נאָר ווי דער סדר זאָל ניט זיין, איז זייער ראַטזאַם, אַז יעדער אייטעם, איינער נאָך דעם אַנדערען, זאָל פאַרשריבען ווערען אין לעצטען קאָלום און דערנאָך זאָלען די אייטעמס פאַרטיילט ווערען אין די פּאַסענדע קאָלומס.

## דעביט זייט פון קעש־בוך

אויף דער דעביט זייט פון קעש־בוך (איינגאַמע זייט) איז דאָ צוערשט אַ קאָלום פאַר'ן דאַטום, וועלכער נייטיגט זיך ניט אין קיין דערקלערונגען, דער נאָמען פון פּערזאָן, ווער עס גיט דאָס געלט, אַ רובריק פאַר'ן לעדזשער נומער, אין וועלכען עס ווערט פאַרשריבען דער נומער פון אקאונט פון דער באַטרעפענדער פּער־זאָן, אַ רובריק פאַר'ן רעסיט נומער, וואָס דער סעקרעטאַר גיט ארויס, און נאכהער פאַנגען זיך אָן די קעש קאָלומס.

אין דעם קאָלום "Dues and assessments" ווערען פאַר־שריבען די געלדער, וועלכע מיטגלידער צאָלען איין לויט זייערע בילס.

אין קאָלום "initiation fee" ווערט פאַרשריבען דאָס געלט פאַר פאָרשלאָגס־געלט, וואָס געהערט צום ברענטש.

אין קאָלום "Entrance fee", ווערט אריינגעשריבען דאָס געלט, וואָס יעדער נייער מיטגליד צאָלט איין. דאָס געלט ווערט איבערגעשיקט אין גענעראַל־אָפיס.

Entertainments איז פאַר געלדער פון אונטערנעמונגען.

Cash from General Office מאַנכמאָל קריגט דער ברענטש געלט פון אָפיס פאַר קראַנקען־בענעפיט אָדער דאָס גלייכען. אַזעל־

כע סומען דארפען איינגעשריבען ווערען אין דעם דאָזיגען קאָלום.

Loans and exchanges דער דאָזיגער קאָלום איז באַשטימט פאַר חובות, וואָס מיטגלידער באַצאָלען צום ברענטש, וואָס זיי האָבען פריער געליען, צי פון דער אַלגעמיינער קאַסע, צי פון לאָאן פאָנד; און די געלדער פון לאָאן פאָנד ווערען צוזאמען געהאַלטען מיט די געלדער פון ברענטש.

דער קאָלום "Sundries" איז פאַר אַזעלכע פאַלען, וואָס קומען פאָר ניט רעגעלמעסיג, ווי צום ביישפּיל: געלדער, וועלכע זיינען באַשטימט פאַר א רעליף; געלט, וואָס א מיטגליד לייט דעם ברענטש; אינטערעסט, וואָס מען קריגט, און אַ. וו. דער קאָלום מוז אַנאַליזירט (פאַנאַנדערגעגלידערט) ווערען, ווען מען מאַכט א פינאַנציעלען סטייטמענט.

ווען דער קאָלום „טאָטאל" איז באַנוצט געוואָרען פאַר יעדען אייטעם באַזונדער, דאַרפען אַלע קאָלומס צוזאַמענגענומען שטימען מיט דעם דאָזיגען קאָלום. (אויף אַזאַ אופן קען מען זיך איבערצייגען, אַז דער חבור איז ריכטיג.

## קרעדיט זייט פון קעש־בוך

די אויסגאַבע זייט פאַנגט זיך אויך אָן מיט'ן דאטום, מיט נאָמען, צו וועמען דאָס געלט איז אויסגעצאָלט געוואָרען. א פּלאַץ צו פאַרשרייבען דעם נומער פון טשעק און פון וואוטשער. אויך א נומער פון דזשענעראל לעדזשער, וואו די סך־הכל'ס פון אַלע אַקאונטס קענען אריינגעטראָגען ווערען.

דער קאָלום "Gneral Office" איז פאַר די געלדער, וואָס עס קומט דעם גענעראַל־אָפיס פאַר אַסעסמענטס. אַזוי ווי עס איז ניטה קיין באַזונדער קאָלום פאַר דעם סעמעטערי דעפּאַרטמענט, ווערען די געלדער, וועלכע ווערען געשיקט אין סעמעטערי דעפּאַרטמענט, אויך אריינגעטראָגען אין יענעם קאָלום.

General Office for new members ווערט באַנוצט פאַר די געלדער, וואָס ווערען געשיקט אין אָפיס פאַר נייע מיטגלידער.

פון אַט דעם קאָלום קען מען וויסען וויפיל נייע מיטגלידער עס זיינען אריינגעקומען אין ברענטש פאַר אַ געוויסער צייט. מען דאַרף בלויז צעטיילען די מיטגלידער לויט די קלאַסען.

פאַר קראַנקען־בענעפיט זיינען דאָ צוויי קאָלומס: איינער פאַר דעם געלט, פאַר וועלכען דער גענעראַל־אָפיס גיט קרעדיט, און דער צווייטער קאָלום פאַר לאָקאַלע בענעפיטס.

דער קאָלום "Branch Administration" ווערט באַנוצט פאַר די געלדער, וועלכע ווערען אויסגעגעבען פאַר דער פאַרוואַל־טונג פון ברענטש, ווי סאַלאַרים, רענט, סטיישענערי, פּאָסטיידזש א. אַ. וו.

דער קאָלום "Aid" איז פאַר פאַרשידענע שטיצעס.

דער קאָלום "Loans and Exchanges" איז באַשטימט פאַר אַזעלכע געלדער, וועלכע ווערען געגעבען צו איינעם פאַר אַ גע־וויסער צייט אלס הלואה.

Sundries איז, אַזוי ווי אין קעש דעביט, באַשטימט פאַר אויסצאָלונגען, וועלכע קומען ניט פאָר רעגעלמעסיג.

אויך אַזוי ווי אין דעביט, דאַרף דער קאָלום „טאָטאַל" שטימען מיט אַלע קאָלומס צוזאַמענגענומען.

אויב דער קעש־בוך ווערט געפירט לויט די כללים, וועלכע זיינען אָנגעצייגט געוואָרען, דאַרף ניט זיין שווער צו מאַכען אַ ריכטיגען סטייטמענט מיט אַלע איינצעלהייטען.

## קעש אנאליסים

עס זיינען נאַטירליך דאָ קאָלומס, וועלכע דאַרפען נאָך מער פאַנאַנדערגעגלידערט (אַנאַליזירט) ווערען. די קאָלומס „סאָנדרים", אי אין קעש איינגאַמע, אין אין קעש אויסגאַבען, אַנטהאַלטען פאַרשידענע אייטעמס, און אום צו קריגען איינצעלהייטען, דאַרף דער קאָלום אַנאַליזירט ווערען. דער קאָלום "Aid" דאַרף אויך צעטיילט ווערען: אויף שטיצע צו מיטגלידער, שטיצע צו פאַר־איינען, יוניאָנס א. אַ. וו. דער קאָלום „ברענטש אַדמיניסטריישאָן" דאַרף צעטיילט ווערען אויף די אייטעמס: פּאָסטעדזש, רענט, סאַ־

לארים א. אַ. וו. פאַר אָט דעם צוועק איז דאָ אַם ענדע פון יעדען קעש־בוך אַ „קעש אַנאַליסיס", און עס איז ראַטזאַם פאַר יעדען סעקרעטאַר צו באַנוצען דעם „קעש אַנאַליסיס" צו יעדען מיטינג. ווען דער אַנאַליסיס ווערט באַנוצט, קענען די קלענסטע איינצעל־הייטען אָנגעגעבען ווערען אין די סטייטמענטס. אַזעלכע איינצעל־הייטען זיינען זייער וויכטיג פאַר דער אינפאָרמאַציע פון יעדען מיטגליד.

## זעקסטע לעקציע

### וועגען ארבעטער־רינג לעדזשער (מעמבערשיפ לעדזשער)

עס איז א כלל אין בוכפירונג, פון וועלכען מיר האבען שוין גערעדט, אז פאר דירעקטע איינשרייבונגען (Original Entries) זיינען באשטימט די פארשידענע דזשורנאלס, ווי דער קעש דזשורנאל, דער קויפס־דזשורנאל, דער פארקויף דזשורנאל, דער אל־געמיינער דזשורנאל א. א. וו. די לעדזשערס זיינען ביכער פון סך־הכל'ס (Summary Books), אין וועלכע עס ווערען איבער־געטראגען (געפאוסטעד) אלע פארפאלען פון פארשידענע צייטען, וואס זיינען פאנאנדערגעווארפענערהייט פארשריבען אין פארשי־דענע ביכער. אין א לעדזשער ווערען קיין דירעקטע איינשריי־בונגען ניט געמאכט. אין אט דעם זין קען דער מעמבערשיפ לע־דזשער פון די ארבעטער־רינג ברענטשעס, וואו עס ווערען געמאכט איינשרייבונגען דירעקט, אלס ריכטיגער לעדזשער ניט באטראכט ווערען. ער איז א קאמבינאציע פון א לעדזשער (עס ווערען אין אים געמאכט איבערטראגונגען פון קעש־בוך), א דזשורנאל און א רעקארד בוך.

אין ארבעטער־רינג לעדזשער ווערט געפאוסטעד פון קעש־בוך, די טשארדזשעס ווערען אבער געוויינליך געמאכט אין אים דירעקט. אויך אנטהאלט דער לעדזשער, אויב אפילו נייטיגע, נאר אזעלכע רעקארדס, וואס האבען מיט געלט־אנגעלעגענהייטען ניט צו טאן. עס זיינען דא רעקארדס וועגען דער באשעפטיגונג פון א באטרע־פענדען מיטגליד, וועגען זיין פאמיליען־אנגעלעגענהייט אין דער צייט וואס ער איז אריין אין ארבעטער־רינג, און אויך אזעלכע אינפארמאציעס, וואס זיינען וויכטיג פאר סטאטיסטישע צוועקען און האבען אבער מיט פינאנסען ניט צו טאן.

עס איז אמת, אז אויך אין די ברענטשעס האבען געקענט

## 3—Debit SUNDRY LOANS AND EXCHANGES Credit—3

**3—Debit**

| Qu. | Mo. | D'te | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| | 1922 | | | | | |
| | | | Shatz, Tickets | J.1 | 30 | 00 |
| 86 | Jan. | 16 | Harlap, Tickets | J.1 | 30 | 00 |
| | | | J.Grunin, Tickets | J.1 | 50 | 00 |
| 87 | June | 29 | To Cash | c.2 | | 46 |
| | | 30 | " Cash, Weiner | c.2 | 10 | 00 |
| | | | Balance | | | 12 |
| | | | | | 120 | 58 |

**Credit—3**

| Qu. | Mo. | D'te | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| | 1922 | | | | | |
| | | | Grunin | J.3 | 50 | 00 |
| 86 | Jan. | 15 | Harlap | J.2 | 2 | 00 |
| | | | Korlap | J.3 | 28 | 00 |
| | | | Shatz | J.3 | 20 | 00 |
| | | | Tauber | | | 40 |
| | | | Registry | c.2 | | 12 |
| 87 | June | 30 | By Cash | c.2 | 10 | 00 |
| | 30 | " | Members | J.6 | | 06 |
| | | | " Shatz, Cash | J.6 | 10 | 00 |
| | | | | | 120 | 58 |
| | | | Balance | | | 12 |

## 3A—Debit LOANS PAYABLE Credit—3A

**3A—Debit**

| Qu. | Mo. | D'te | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| | 1922 | | | | | |
| 86 | Jan. | 16 | Grunin, for Tickets | J.3 | 50 | 00 |
| | | 15 | Grunin, for Dues | J.3 | 8 | 48 |
| 87 | Apr. | 1 | B. Tauber | c.1 | 100 | 00 |
| | | | Grunin, Dues | J.6 | 6 | 48 |
| | | | Balance | | 5 | 04 |
| | | | | | 170 | 00 |

**Credit—3A**

| Qu. | Mo. | D'te | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| | 1922 | | | | | |
| 86 | Jan. | 3 | By B. Tauber | c.1 | 100 | 00 |
| | | | " Grunin | c.1 | 70 | 00 |
| | | | | | 170 | 00 |
| | | | Balance | | 5 | 04 |

3B—Debit **BRANCH ADMINISTRATION** Credit—3B

| Qu. | Mo. | D'te | | | | | Qu. | Mo. | D'te | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | 1922 | | | | | | | 1922 | | | | | |
| 86 | | | | J.4 | | 40 | 87 | June | 30 | Loss | | 47 | 84 |
| 87 | May | 7 | | J.5 | 5 | 94 | | | | | | | |
| | June | 30 | | c.2 | 41 | 50 | | | | | | | |
| | | | | | 47 | 84 | | | | | | 47 | 84 |

3C—Debit **SICK BENEFIT** Credit—3C

| Qu. | Mo. | D'te | | | | | Qu. | Mo. | D'te | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | 1922 | | | | | | | 1922 | | | | | |
| 87 | June | 30 | To Cash | c.2 | 24 | 00 | 87 | June | 1 | By Gen. Office | J.2 | 24 | 00 |

4—Debit **PROFIT AND LOSS** Credit—4

| Qu. | Mo. | D'te | | | | | Qu. | Mo. | D'te | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | 1922 | | | | | | | 1922 | | | | | |
| 87 | June | 7 | To Exp'l'd Members | J.6 | 1 | 00 | 86 | Jan. | 1 | By Banquet | J.1 | 9 | 00 |
| | | 30 | " Expense Account | J.7 | 54 | 45 | 87 | | 30 | " Sundries | J.7 | 312 | 00 |
| | | | " Surplus | | 265 | 55 | | | | | | | |
| | | | | | | | | | | | | 321 | 00 |
| | | | | | 321 | 00 | | | | | | | |
| | | | | | | | | | | Surplus | | 265 | 55 |

## 4A—Debit ENTERTAINMENTS Credit—4A

| Qu. | Mo. | D'te | | | | | Qu. | Mo. | D'te | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | 1922 | | | | | | | 1922 | | | | | |
| 86 | Feb. | 1 | To Cash | c.1 | 30 | 00 | 86 | Feb. | 12 | By Tickets | J.3 | 50 | 70 |
| | | | " " | c.1 | 25 | 00 | 87 | June | 30 | " Cash | c.2 | 298 | 00 |
| | | | " " | c.1 | 15 | 00 | | | | | | | |
| | | | Profit | | 278 | 00 | | | | | | | |
| | | | | | 348 | 00 | | | | | | 348 | 00 |

## 4B—Debit AID Credit—4B

| Qu. | Mo. | D'te | | | | | Qu. | Mo. | D'te | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | 1922 | | | | | | | 1922 | | | | | |
| 87 | May | 19 | To Members | J.6 | 6 | 61 | 87 | June | 30 | Loss | | 6 | 61 |

## 4C—Debit FUNERAL EXPENSE Credit—4C

| Qu. | Mo. | D'te | | | | | Qu. | Mo. | D'te | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | 1922 | | | | | | | 1922 | | | | | |
| 87 | May | 7 | To Cash | c.1 | 30 | 00 | 87 | May | 7 | By Cemetery Dept. | J.1 | 30 | 00 |

## 4D—Debit TICKETS, TREASURER Credit—4D

| Qu. | Mo. | D'te | | | | | Qu. | Mo. | D'te | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | | | | | | | | 1922 | | | | | |
| 86 | Jan. | 16 | To Returns | J.2 | 2 | 00 | 86 | Jan. | 15 | By Sundries | J.2 | 60 | 00 |
| | | | " Sundries | J.3 | 48 | 00 | | | | " " | J.2 | 50 | 00 |
| | | | " Entertainment | J.3 | 50 | 00 | | | | | | | |
| | | | " Shatz | J.7 | 10 | 00 | | | | | | | |
| | | | | | 110 | 00 | | | | | | 110 | 00 |

5—Debit **BOOKS FOR LIBRARY** Credit—5

| Qu. | Mo. | D'te | | | | | Qu. | Mo. | D'te | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | 1922 | | | | | | | | | | | | |
| 87 | May | 7 | To Oriental Book Co. | J.5 | 450 | 00 | | | | | | | |

5A—Debit **ORIENTAL BOOK CO.** Credit—5A

| Qu. | Mo. | D'te | | | | | Qu. | Mo. | D'te | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | 1922 | | | | | | | 1922 | | | | | |
| 87 | May | 7 | To Cash | c.1 | 50 | 00 | 87 | May | 7 | By Books | J.1 | 450 | 00 |
| | | | Balance | | 400 | 00 | | | | | | | |
| | | | | | 450 | 00 | | | | | | 450 | 00 |
| | | | | | | | 88 | July | 1 | Balance | | 400 | 00 |

5B—Debit **NEW MEMBERS** Credit—5B

| Qu. | Mo. | D'te | | | | | Qu. | Mo. | D'te | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | 1922 | | | | | | | 1922 | | | | | |
| 87 | June | 30 | To Cash Gen. Office | c.2 | 5 | 30 | 87 | June | 29 | By Cash | c.2 | 5 | 30 |

5C—Debit **GENERAL CASH ACCOUNT** Credit—5C

| Qu. | Mo. | D'te | | | | | Qu. | Mo. | D'te | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | 1922 | | | | | | | 1922 | | | | | |
| 87 | June | 30 | Income for 2d quar. | c.2 | 641 | 03 | 87 | June | 30 | Disbursements | c.2 | 412 | 81 |
| | | | | | | | | | | Balance | | 228 | 22 |
| | | | | | 641 | 03 | | | | | | 641 | 03 |
| 88 | July | 1 | Balance | | 228 | 22 | | | | | | | |

איצט וועלען מיר פון לעדזשער מאַכען אַ טרייעל באַלאַנס און זען אויב מיר האָבען ריכטיג געפּאָוסטעד אין לעדזשער.

## טרייעל באַלאַנס

דער טרייעל באַלאַנס צייגט פאָלגענדע דעביט באַלאַנסעם:

| | |
|---|---|
| קעש — — — — — | $228.22 |
| לייברערי — — — — | 450.00 |
| סעמעטערי — — | .46 |
| דאָקטאָר — — — — | .50 |
| מעמבערשיפּ — — | 1.14 |
| אדמיניסטריישאָן — | 47.84 |
| אייד — — — — — | 6.61 |

$734.77 טאָטאל פון דעביט באַלאַנסעם.

קרעדיט באַלאַנסעם:

| | |
|---|---|
| דזשענעראל אָפּיס — — — — — — — | $ 9.36 |
| אָריענטאל בוק קאָ. — — — — — — — | 400.00 |
| גרונין — — — — — — — — — — — | 5.04 |
| רעדזשיסטרירטע בריף עקסטשיינדזשעס | .12 |
| לאָקאל סעמעטערי — — — — — — — | .25 |
| איינקונפט פון טאקסעם — — — — — | 16.00 |
| איינקונפט פון לאָקאלע דיוס — — — — | 18.00 |
| פּראָפיט — — — — — — — — — — | 8.00 |
| אונטערנעמונג— — — — — — — — — | 278.00 |
| | $734.77 |

אַלזאָ, איז דער טרייעל באַלאַנס ריכטיג. איצט דאַרפען מיר פון טרייעל באַלאַנס מאַכען אונזערע סטייטמענטס.

## די אַקאַונטס פון דעביט זייט

אין דעביט זייט האָבען מיר עסעט אַקאַונטס, די זאַכען וואָס מיר פארמאָגען אין געווין און פּאַרלוסט אַקאַונטס. אַ געווין און פּאַרלוסט אַקאַונט, וואָס איז אויפ'ן דעביט זייט, איז אַ פּאַרלוסט. לאָמיר אָפּלקייבען די פּאַרלוסט אַקאַונטס:

| | |
|---|---|
| אדמיניסטריישאָן קאָסט — — — — — — | $47.84 |
| אייד (אונטערשטיצונג) — — — — — | 6.61 |
| טאָטאל — — — | $54.45 |

אונזערע עסעט אַקאַונטס:

| | |
|---|---|
| קעש — — — — — — — — — — — | $228.22 |
| לייברערי — — — — — — — — — | 450.00 |
| סעמעטערי (אונז קומט) — — — — — — | .46 |
| דר. (איבערגעצאָלט) — — — — — — | .50 |
| מעמבערס (נעטע חובות) — — — — | 1.14 |
| טאָטאל — — — | $680.32 |

איצט וועלען מיר פאַנאַנדערטיילען די קרעדיט באַלאַנסעס. פון געווין און פּאַרלוסט רעכענונגען זיינען די קרעדיטס אַלעמאָל געווינסען.

| | |
|---|---|
| איינקונפט פון טעקסעס — — — — — — | $16.00 |
| פון לאָקאַלע דיוס — — — — — — — — | 18.00 |
| פּראָפיט — — — — — — — — — — | 8.00 |
| (מיר האָבען געהאט 9 דאָלער פּראָפיט פון באַנקעט, אַ דאָלער האָבען מיר פאַר־לאָרען אויף אַ געשטראָכענעם מיט־גליד) ענטערטיינמענט — — — — — | 278.00 |
| טאָטאל — — — | $320.00 |

פון עסעט און לייאביליטיס זיינען קרעדיט באלאנסעס אלע־מאל שולדען.

שולדען:

| | |
|---|---|
| דזשענעראל אפיס | $ 9.36 |
| אריענטאל בוק קא. | 400.00 |
| גרונין | 5.04 |
| עקסטשיינדזש | .12 |
| לאקאל סעמעטערי | .25 |
| | $414.77 |

אז מיר האבען שוין אזוי פאנאנדערגעקליבען דעם טרייעל באלאנס, וועט שוין ניט שווער זיין צו מאכען אונזערע פינאנציעלע סטייטמענטס.

צוערשט אונזער געווין און פארלוסט סטייטמענט:

סטייטמענט פאר 2 קווארטאלען ביז'ן 30־טען יוני, 1922

| | | |
|---|---|---|
| איינקונפט פון באל | $278.00 | |
| " " טעקסעס | 16.00 | |
| " " דיוס | 18.00 | |
| פראפיט פון באנקעט | 9.00 | |
| טאטאל איינקונפט | $321.00 | $321.00 |
| עקספענס | | |
| פארוואלטונגס קאסט | $47.84 | |
| אונטערשטיצונג | 6.61 | |
| פארלוסט אין געשטראכענע מיטגלידער | 1.00 | |
| | $55.45 | $55.45 |
| נעטער געווין | | $265.55 |

## פאַרמעגען און שולדען

### פ אַ ר מ ע ג ע ן (עסעטס)

| | |
|---|---|
| קעש — — — — — — — — — — — | $228.22 |
| לייברערי — — — — — — — — — | 450.00 |
| אונז קומט פון סעמעטערי דעפּאַרטמענט | .46 |
| אונז קומט פון דר. — — — — — — — | .50 |
| נעטע חובות פון מיטגלידער — — — — | 1.14 |
| טאָטאל עסעטס — | $680.32 |

### אונזערע שולדען און נעט קאַפּיטאַל

| | |
|---|---|
| עס קומט דעם גענעראל־אָפּיס — — — | $ 9.36 |
| " " אָריענטאל בוק קאָ. — — — | 400.00 |
| " " גרונין — — — — — — — — | 5.04 |
| עקסטשיינדזש — — — — — — — — | .12 |
| עס קומט דער לאָקאַלער סעמעטערי— — | .25 |
| סורפּלוס (פון געווין) — — — — — — — | 265.55 |
| טאָטאל — — | $680.32 |

פון אָט די סטייטמענטס קען מען האָבען א ריכטיגען באגריף פון וואָס מיר האָבען געמאכט געלט, אויף וואָס מיר האָבען פאַר־לאָרען, וויפיל איז אונזער פארמעגען, ניט נאָר אין קעש, נאָר אויך אין אנדערע זאכען, און וויפיל שולדען מיר האָבען. אויב מען זאָל פארגלייכען די אינפאָרמאציע, וואָס מיר האָבען נעקראָגען פון קעש סטייטמענט מיט די דאָזיגע פינאנציעלע סטייטמענטס, קען מען זען ווי ווייט מער די סיסטעם פון דאָפּעלטער בוכפירונג איז פּראַקטיש.

## צוועלפטע לעקציע

### וועגען אודיטינג

אודיטען הייסט אויסצוגעפינען אויב אַלע איינשרייבונגען, וואָס זיינען אין די ביכער, זיינען קאָרעקט.

### וואָס ווערט אונטערזוכט

דער אודיטער דאַרף אויסגעפינען פאָלגענדע 3 פונקטען: 1) צי דער בוכהאַלטער אָדער סערקעטאַר ווייס ווי צו פאַרשרייבען — מיסטייקס פון פּרינסיפּעלס; 2) צי דער סעקרעטאַר אָדער בוכהאַלטער האָט ניט דורכגעלאָזען קיין זאַך — מיסטייקס פון אויסלאָזען זאַכען; 3) צי דער סעקרעטאַר אָדער בוכהאַלטער איז ניט באַגאַנגען קיין גנבה.

### ווער איז פּאַסענד פאַר אַן אודיטאָר

אַן אודיטאָר, נאַטירליך, דאַרף זיין איינער, וואָס איז גוט באַהאַווענט אין אַלע טעכנישע פראַגען פון בוכפירונג און האָט ידיעות אין אַלע געשעפטליכע אנגעלעגענהייטען, באַזונדערס פון דער פירמע, וואָס ער גייט אונטערזוכען.

די אודיטינג קאָמיטע פון ברענטש דאַרף באַשטיין פון אינטעליגענטע מיטגלידער, וואָס זיינען אויך אַקטיוו אין ברענטש.

אַ קאָמיטע פון ברענטש איז אין מאַנכע באַציאונגען פיל בעסער ווי אַן אויטסייד אודיטאָר, ווייל זיי ווייסען אַלע קליינינקייטען, וואָס קומען פאָר אין ברענטש.

### ווי צו אונטערזוכען

די הויפּט־זאַכען, וואָס אַן אודיטינג קאָמיטע דאַרף נעמען אין אַכט איז צו זען, אַז קיין הכנסות זיינען ניט דורכגעלאָזען

געוואָרען אין קעש־בוך און אַז אַלע הוצאות זיינען ווירקליך געמאַכט געוואָרען.

עס איז קלאָר, אַז דאָס, וואָס אָנבאַטרעפט הכנסות און הוצאות אין דעם באַטרעפענדען ברענטש, זיינען די אייגענע מיטגלידער פיל מער באַקאַנט ווי אַן אויטסיידיגער אודיטאָר.

דער ברענטש מאַכט, למשל, אַ באַל. דער סעקרעטאַר פוילט זיך צו פאַרשרייבען די הכנסה פון באַל; מיט אַ רעסיט גיט מען זיך אַן עצה. אַן אויטסיידיגער קען אמאָל גאָר ניט וויסען, אַז אַזאַ אונטערנעמונג איז געמאַכט געוואָרען. אַן אויטסיידיגער דאַרף זיך רויען אין פּראַקטאָקאָל ביכער, פון וועלכע עס איז מאַנכמאָל שווער צו דערגיין אַ טאָלק, און נאָכפרעגען פערזאָנען א. אַז. וו. עס איז דעריבער וויכטיג, אַז ווען אַפילו אַ אויטסייד אודיטאָר אונ־טערזוכט די ביכער, דאַרף אַ קאָמיטע איוסגעקליבען ווערען אים באַהילפיג צו זיין.

## פאַרגלייכען דעם לעדזשער מיט'ן קעש־בוך

די ערשטע און וויכטיגסטע זאַך, וואָס עס דאַרף געטאָן ווערען, איז צו טשעקען פון לעדזשער אין קעש־בוך. מאַנכע זיינען מיט דער מיינונג, אַז די וויכטיגסטע זאַך איז צו פאַרגלייכען די רע־סיטס מיט דעם קעש־בוך. עס איז קיין גרעסערער טעות ניטאָ. ניט אַלע מיטגלידער פאָדערען אַ רעסיט . . . דער סערקעטאַר קען זיך אַראָפּלאָזען אַ פּאָר דאָלער אין קעשענע, געבען דעם מיטגליד קרעדיט און די זאַך גאָר ניט איינשרייבען אין קעש־בוך. עס איז דעריבער זייער וויכטיג צו זען, אַז די קרעדיטס, וועלכע מיטגלידער באַקומען, זיינען אַריין אין קעש־בוך, און דאָס קען נאָר געטאָן ווערען דורך דעם, וואָס עס ווערט געטשעקט פון לעדזשער אין קעש־בוך. פון לעדזשער קוקט מען אויף די קרעדיטס, און אויב מען געפינט דאָס אין קעש־בוך, מאַכט מען אַ צייכען, אַז עס איז ריכטיג.

## ווי ווערט די הכנסה זייט אונטערזוכט

אין דער הכנסה זייט פון קעש־בוך דאַרף נאָכגעזען ווערען

דורכ'ן פּראַקטאָקאָל, און דער עיקר דורך די אינווייניגסטע ידיעות, צי אַלע אייטעמס זיינען אריין אין קעש, צי קיין זאַך איז ניט דורכגעלאָזען געוואָרען.

די קלענסטע זאַך דאַרף עקזאמינירט ווערען; עס דאַרף אויס־געפונען ווערען וועגען ראַפּעלס, קאָלעקשאָנס, און דער פאַרקויף פון קליינינגקייטען, ווי דער פאַרקויף פון טיקעטס, סטעמפּס, א. אז. וו.

## די מאַטעמאַטישע אונטערזוכונג פון מיטגלידער אַקאַונטס

דער מעמבערשיפּ אַקאַונט קען, אויסער אונטערזוכונג דורך טשעקינג, אויך אונטערזוכט ווערען מאַטעמאַטיש.

## ווען מיטגלידער האָבען קיין באַלאַנסעס ניט

דעם ערשטען קוואַרטאַל פון דער עקזיסטענץ פון א ברענטש, ווען עס זיינען ניטאָ קיין שולדען פון פריהער, איז גאָר א פּשוט'ע זאַך. מען רעכענט אויס וויפיל געלט מיטגלידער דאַרפען איינ־צאָלען פאַר'ן גענעראַל־אָפיס לויט די רייט־קאַרדס, מען רעכענט צו די אַנדערע צאָלונגען, ווי דאָקטאָר, סעמעטערי, לאָקאַלע דיוס, א. אז. וו. מען מאַכט א סך־הכל פון די גאַנצע געלט, וואָס מיטגלי־דער דאַרפען איינצאָלען; מען זעט פון קעש־בוך, וויפיל מיטגלי־דער עס האָבען איינגעצאָלט; מען רעכענט אַרונטער אַלע געלדער, וואָס זיינען איבערגעצאָלט געוואָרען, און דאַן דאַרף דער דיפערענץ פון די מיטגלידערס שולדען צוזאַמען מיט די איינגעצאָלטע קעש שטימען מיט'ן מעמבערשיפּ רעכענונג.

## ווען מיטגלידער האָבען באַלאַנסעס

ווען דער ברענטש איז שוין אַן אַלטער, דאַן מוז מען צו די געלדער, וואָס מיטגלידער דאַרפען איינצאָלען פאַר'ן קוואַרטאַל, צורעכענען די פריערדיגע שולדען.

## קאָנקרעטער ביישפּיל

לאָמיר דעם געדאַנק אילוסטריטען דורך א קאָנקרעטען ביי־שפּיל.

ענדע קוואַרטאַל 85 האָט דער ברענטיש געהאַט שולדען

| | |
|---|---|
| פון מיטגלידער — — — — — — — — — — — — | $38.50 |
| מיטגלידער האָבען איבערגעצאָלט — — — — — | 8.00 |
| נעטע חובות — — — | $30.50 |

עס האָט זיך אַרויסגעצייגט דורך אויסרעכענונגען, אָדער דורך די סטייטמענטס פון גענעראַל־אָפיס, אַז פאַר'ן קוו. 86 דאַרפען

| | |
|---|---|
| די מיטגלידער איינצאָלען — — — — — — — — — — | $100.00 |
| סעמעטערי דיום — — — — — — — — — — — | 20.00 |
| לאָקאַלע דיום — — — — — — — — — — — | 25.00 |
| דאָקטאָר ביל — — — — — — — — — — — | 15.00 |
| | $160.00 |
| חובות פון פריער — — — — — — — — — — — | 30.50 |
| אַזוי פיל האָבען מיטגלידער געדאַרפט איינצאָלען — | $190.50 |
| עס זיינען געבליבען חובות ענדע קוואַרטאַל — — | 20.00 |
| אַזוי פיל קעש איז איינגעצאָלט געוואָרען — — — | $170.50 |

און אויב דער קאָלום „מעמבערס אַן אַקאַונט" צייגט אַזוי פיל געלט, איז דאָס אַ גוטער באַווייז, אַז די סומע שטימט. אויב אַלע איינצעלהייטען זיינען פּאָזיטיוו ריכטיג, איז אַזאַ באַווייז פיל וויכטיגער ווי דער באַווייז, וואָס מען האָט פון טשעקינג. דער קאָנטראָל, פון וועלכען מיר האָבען שוין גערעדט אין דער צענטער לעקציע, איז זייער וויכטיג פאַר דעם אודיטאָר.

## באַנק באַלאַנס און קעש באַלאַנס

אַנדערע אַקאַונטס קענען אויך אַזאַ אופן אונטערזוכט ווערען. דער קעש אַקאַונט מוז שטענדיג פאַרגליכען ווערען מיט דעם באַלאַנס אין באַנק. מען מוז אָבער אין אָנבאַטראַכט נעמען די טשעקס. וואָס זיינען נאָך ניט אַריינגעגאַנגען. ווען דער בענק־אַקאַונט, צום

ביישפיל, צייגט אַ באַלאַנס ענדע דעצעמבער $70.00 (מען מוז זיין איבערצייגט, אַז די דעפּאָזיטס אין באַנק־בוך זיינען אַלע קאָרעקט), עס פעלען נאָך פאַר 20 דאָלער טשעקס, דאָ איז אַ ריכטיגער קעש באַלאַנס בלויז 50 דאָלער און ניט מער.

## די פּראָצעדור פון אויסגעפינען דעם ריכטיגען קעש באַלאַנס

### פעסטגעשטעלטער דאַטום

די ערשטע זאַך דאַרף פעסטגעשטעלט ווערען אַ געוויסער דאַטום, ווען די ביכער זאָלען געשלאָסען ווערען. ווען צום ביישפּיל דער דאַטום פון אָפּשליסען די ביכער איז דער 1־טער יאַנואַר און די ביכער ווערען אונטערזוכט דעם 20־טען פעברואַר, דאַרפען אַלע אריינגעקומענע געלדער פון דעם 1־טען יאַנואַר אין אַלע אויסגאַבען ניט אריינגערעכענט ווערען. אַ באַלאַנס איז אַ בילד פון אַ געוויסער צייט ביז צום סעקונדע.

### אונטערזוכונג פון סעקרעטאַר

דער סעקרעטאַר דאַרף איבערצייגען דורך רעסיטס פון טרעזשורער, אַז אַלע געלדער פון דער אונטערזוכונגס פעריאָדע זיינען איבערגעגעבען געוואָרען צום טרעזשורער. ווען ער האָט נאָך געלדער און שטעקס, וועלכע ער האָט נאָך ניט איבערגעגעבען, דאַרפען די אייטעמס טאַבולירט ווערען און באַטראַכט ווערען אַלס קעש אַן ענד. ווען די הכנסה פאַר דער פעריאָדע איז געווען למשל 500 דאָלער און רעסיטס פון טרעזשורער האָט ער בלויז פאַר 450 דאָלער, דאַרף די איבעריגע 50 דאָלער זיין אַן הענד. דער סעקרעטאַר דאַרף דערקלערען, וואָרום ער האָט נאָך דאָס געלט ניט איבערגעגעבען. גלייך ביים אָנפאַנג פון דער אונטערזוכונג פרעגט דער אודיטאָר דעם סעקרעטאַר, וויפיל געלט ער האָט נאָך ביי זיך, צו זען אויב דער סעקרעטאַר ווייסט פון אַ רעכענונג.

### אונטערזוכונג פון טרעזשורער

דער טרעזשורער דאַרף אַלע געלדער, וואָס ער האָט דער־

האַלטען, גלייך דעפּאָנירען אין באַנק. די דעפּאָזיטס אין באַנק דאַרפען שטימען מיט זיינע רעסיטס. ווען ער האָט נאָך גע־וויסע סומען ניט דעפּאָזיטעט, דאַרף ער געבען אַן ערקלערונג. ווען קיין טשעק אַקאַונט ווערט ניט געפירט, דאַרפען די אויסגע־צאָלטע געלדער (דורך וואָוטשערס) אַרונטערגענומען ווערען פון די דערהאַלטענע געלדער און פאַר דעם באַלאַנס איז דער טרע־זשורער פאַראַנטוואָרטליך.

## ווי זאָל דער באַנק באַלאַנס פאַרגליכען ווערען

אַלע אויסגעצאָלטע טשעקס דאַרפען פאַרגליכען ווערען מיט'ן קעש בוך אויסגאַבען. יעדער טשעק דאַרף אונטערזוכט ווערען, צי ער איז אויסגעצאָלט געוואָרען צו דער ריכטיגער פאַרטיי. דער אינדאָרסמענט אויף דער צווייטער זייט פון טשעק דאַרף גוט באַ־טראַכט ווערען. ווי געזאָגט, דאַרפען פון באַנק באַלאַנס אַרונטער־גענומען ווערען אַלע טשעקס, וואָס זיינען נאָך ניט אַריין. לאָמיר אָננעמען, אַז אין אָנפאַנג פון דער אונטערזוכונגס פעריאָדע איז געווען אַ קעש באַלאַנס פון 150 דאָלער. געלט איז אַריינגעקומען 600 דאָלער; אויסגאַבען זיינען געמאַכט געוואָרען 400 דאָלער; דאַרף דער נעטער קעש באַלאַנס זיין 350 דאָלער.

| | |
|---|---|
| קעש באַלאַנס אין אָנפאַנג פעריאָדע — — — | $150.00 |
| איינגאַמע פאַר דער פעריאָדע — — — — — — | 600.00 |
| טאָטאַל — | $750.00 |
| אויסגאַבען פאַר דער פעריאָדע — — — — | 400.00 |
| קעש באַלאַנס — | $350.00 |

אויב דער באַנק־בוך, אָבער, צייגט אַ באַלאַנס פון 500 דאָלער, מען אונטערזוכט דאַן די טשעקס און מען זעט זיך אַרום, אַז עס זיינען נאָך ניט אַריינגעקומען קיין 4 טשעקס אויף דער סומע פון 150 דאָלער. די טשעקס זיינען אַרויסגעגעבען געוואָרען און פאַר־שריבען, אָבער זיי זיינען נאָך ניט דורכגעגאַנגען די באַנק. די סומע

ווערט אַרונטערגענומען פון באַנק באַלאַנס און עס צייגט זיך טאַקי אַרויס, אַז דער באַנק באַלאַנס מיט'ן קעש באַלאַנס.

## ווען דער באַנק באַלאַנס אונטערשיידט זיך פון קעש באַלאַנס

ווען אָבער דער באַנק באַלאַנס שטימט דאָך ניט. לאָמיר זאָגען, אַז עס זיינען גאָר דאָ פאַר 200 דאָלער ניט אַריינגעקומענע טשעקס, דאָ דאַרף נאַטירליך זיין 50 דאָלער אַן הענד און דאָס געלט מוז זיין אָדער ביים סעקרעטאַר, אָדער ביים טרעזשורער. אָדער דער סעקרעטאַר האָט נאָך דאָס געלט ניט איבערגעגעבען, אָדער דער טרעזשורער האָט נאָך דאָס געלט ניט דעפּאזיטעט. די זאַך דאַרף פעסטגעשטעלט ווערען דורך די רעסיטס.

עס טרעפט זיך אמאָל אויך, אַז עס איז דאָ איבעריגע געלט. איין הכנסה איז ניט איינגעשריבען געוואָרען, אָדער דער טעות ציט זיך נאָך פון לאַנג אָן. דער אמת איז, אַז עס איז דאָ אַ מזל ברכה אין געלט, צייגט דאָס, אַז די ביכער זיינען ניט ריכטיג געפירט געוואָרען און אַ זייער גענויע אונטערזוכונג דאַרף גע־מאַכט ווערען.

## אונטערזוכונג פון דער ריכטיגקייט פון צוזאַמענרעכענונגען

די רעכענונגען דאַרפען גוט אונטערזוכט ווערען. עס טרעפט גאַנץ אָפט (זאָל זיך אזוי ניט טרעפען), אַז דער סעקרעטאַר מאַכט אַ טעות פשוט אין חבור, אָדער אין אַריבערטראָגען די סומע פון איין זייט צו דער צווייטער. אייגענטליך דאַרף די איבעררעכענונג פון אַלע סומען זיין דער ערשטער שריט פון אונטערזוכונגס קאָ־מיטע, איידער אַנדערע אונטערזוכונגען ווערען געמאַכט.

## אונטערזוכונג פון אויסגאַבען

וואָס אָנבאַטרעפט דעם עקספּענס אַקאונט, דאַרף פאָלגענדעס גענומען ווערען אין אָנבאַטראַכט:

יעדע הוצאה דאַרף אונטערזוכט ווערען דורך מאַטעריעלע באַ־ווייזען (אַ וואוטשער איז ניט דער עיקר), אַז די הוצאות זיינען ווירקליך געמאַכט געוואָרען. די אייטעמס פון צאָלונגען צום גע־נעראַל־אָפיס, צום סעמעטערי דעפּאַרטמענט, דאַרפען פאַרגליכען

ווערען מיט די רעקארדס פון גענעראל־אָפּיס עס דארף אויך אומ־באדינגט פארגליכען ווערען די צאָל מיטגלידער אין ברענטש מיט דער צאָל פון גענעראל־אָפּיס רעקאָרדס.

## וויכטיגקייט פון א פאכמאן

עס זיינען דאָ נאטירליך פארוויקלונגען אין די אונטערזו־כונגען. א פאכמאן קען זיך געבען אַן עצה, און עס איז דעריבער ראטזאם, אז די אודיטינג קאָמיטע זאָל שטיין אונטער דער אויפ־זיכט פון א פאכמאן און נאָכפאָלגען זיינע אינסטרוקציעס.

## שלום

מיר האָפען, אז די עלעמענטארע ידיעות, וואָס זיינען אָנגע־געבען געוואָרען אין די לעקציעס, וועלען מיטהעלפען, אז די ברענטש פינאנסען זאָלען געשטעלט ווערען אויף א גוטען באזיס. אסך איז שוין געטאָן געוואָרען. עס איז אָבער דאָ פלאץ פאר פארבעסערונג. אויב דער סעקרעטאר וועט ווערען פון אָט די אויבערפלעכליכע ידיעות אָנגערעגט ער זאָל ווייטער לערנען, דאַן האָבען די לעקציעס זייער צוועק ערייכט.

## פראַטוירנאל רייטס טאַבעלע

רייטס פאַר'ן מאָרטשוערי (אינשורענס פאַר טויטען־פאַלען) פאָנד לויט נאָך די יאָרען וואָס מיטגלידער זיינען אריין. פאַר א טויזענט דאָלערדיגע פאַליסי כופל'ט מען די 4־טע קלאַס רייטס אויף 10 מאָל. צ. ב. ש., פאַר 18־יעריגע איז די רייט $2.60 און פאַר 50־יעריגע — $9.60.

די רייטס זיינען פאַר איין קווארטאל (3 מאָנאטען).

| Age | Cl. I | Cl. II | Cl. III | Cl. IV |
|---|---|---|---|---|
| 18 | 1.04 | .52 | .52 | .26 |
| 19 | 1.08 | .54 | .54 | .27 |
| 20 | 1.12 | .56 | .56 | .28 |
| 21 | 1.16 | .58 | .58 | .29 |
| 22 | 1.20 | .60 | .60 | .30 |
| 23 | 1.24 | .62 | .62 | .31 |
| 24 | 1.28 | .64 | .64 | .32 |
| 25 | 1.32 | .66 | .66 | .33 |
| 26 | 1.36 | .68 | .68 | .34 |
| 27 | 1.40 | .70 | .70 | .35 |
| 28 | 1.44 | .72 | .72 | .36 |
| 29 | 1.48 | .74 | .74 | .37 |
| 30 | 1.56 | .78 | .78 | .39 |
| 31 | 1.60 | .80 | .80 | .40 |
| 32 | 1.68 | .84 | .84 | .42 |
| 33 | 1.72 | .86 | .86 | .43 |
| 34 | 1.80 | .90 | .90 | .45 |
| 35 | 1.88 | .94 | .94 | .47 |
| 36 | 1.96 | .98 | .98 | .49 |
| 37 | 2.04 | 1.02 | 1.02 | .51 |
| 38 | 2.12 | 1.06 | 1.06 | .53 |
| 39 | 2.20 | 1.10 | 1.10 | .55 |
| 40 | 2.28 | 1.14 | 1.14 | .57 |
| 41 | 2.40 | 1.20 | 1.20 | .60 |
| 42 | 2.48 | 1.24 | 1.24 | .62 |
| 43 | 2.60 | 1.30 | 1.30 | .65 |
| 44 | 2.72 | 1.36 | 1.36 | .68 |
| 45 | 2.88 | 1.44 | 1.44 | .72 |
| 46 | 3.08 | 1.54 | 1.54 | .77 |
| 47 | 3.24 | 1.62 | 1.62 | .81 |
| 48 | 3.44 | 1.72 | 1.72 | .86 |
| 49 | 3.64 | 1.82 | 1.82 | .91 |
| 50 | 3.84 | 1.92 | 1.92 | .96 |

## רייטס פאַר אנדערע פאָנדס

די רייטס פאַר אנדערע פאָנדס ווערען באשטימט אויף א קאָנוועגשאָן און זיי בייטען זיך זייער אָפּט. דעריבער איז זייער נייטיג פאַר די סעקרעטאַרען צו קריגען רייט־קארדס פון אָפיס פאַר יעדען קווארטאל. פאר'ן אָנפאַנג 89־טען קווארטאל זיינען די רייטס געוועזען ווי פאָלגט:

| | Cl. A, Cl. I, Cl. II, Cl. IV | Cl. III |
|---|---|---|
| Sick Benefit Fund | 1.05 | — |
| Consumption Benefit Fund | .10 | — |
| Sanatorium Maintenance Fund | .30 | — |
| Sanatorium Building Fund | .10 | — |
| Convention Fund | .12 | — |
| "Friend" Fund | .08 | — |
| Education Fund | .12 | — |
| Organization Fund | .04 | — |
| Administration Fund | .20 | .08 |
| Old Age Home Fund | .05 | — |
| | 2.16 | .08 |
| Mortuary Fund—charged according to age of member when entering the Organization | | |

פון סעמעטערי דעפּארטמענט זיינען די רייטס איצט (זיי ווערען אויך געענדערט) ווי פאָלגט:

סעמעטערי טעקס ($4.00 טעקס) — — — 25 סענט.

בלויז פאר ניו־יאָרקער, וואָס באלאנגען צום סעמעטערי פון ניו־יאָרק.

פאר אנדערע ברענטשעס, ניו־יאָרקער אריינגערעכענט, זיינען די רייטס פון סעמעטערי דעפּאַרטמענט:

ספּעשעל סעמעטערי טעקס — — — — — — 03 סענט.
פיונעראל בענעפיט טעקס — — — — — — 12 סענט.
ספּעשעל פיונעראל בענעפיט טעקס — — — 05 סענט.
ספּעשעל דזשענעראל טעקס — — — — — 01 סענט.

ווען איינער וויל אויסמאכען א ביל, דארף ער נאַטירליך פריער פון אלץ אויסרעכענען די דזשענעראל דיוס לויט די טאַבעלען און צורעכענען לאָקאַלע דיוס און טעקסעס, אויך דאָקטאָר און דעם פריערדיגען באַלאַנס.

א ביל פאר א מיטגליד פון 1־טער קלאַס, 20 יאָר אלט, וועלען די דזשענעראל רייטס זיין $1.12 און $2.16, צוזאמען $3.28. פאר א 45־יעריגען — 2.88* און $2.16, צוזאמען $5.04.

די וואָס זיינען אריין נאָך דעם 1־טען אָקטאָבער 1920, איבער 45 יאָר אלט, דארפען צאָלען 45 סענט עקסטרא פאר קראַנקען־בענעפיט און צו די רייטס דארף אָט די סומע צוגערעכענט ווערען.

צו די דזשענעראל רייטס דארפען צוגערעכענט ווערען סע־מעטערי דיוס, דאָקטאָר און לאָקאַלע דיוס, אויך די באַלאַנסעס פון פריערדיגע קווארטאַלען.

## פראַגען און ענטפערס

### פ ר א ג ע

עס קומט אויס זייער אָפט ביים אויסצאָלען בענעפיט צו אַ מיטגליד אַרונטערצורעכענען די חובות, וואָס דער באַטרעפענדער איז שולדיג. ווי זאָל אַזאַ פאַרפאַל דורכגעפירט ווערען דורכ'ן קעש־בוך? די צאָלונגען ווערען געמאַכט בלויז דורך טשעקס.

### ע נ ט פ ע ר

עס איז מעגליך די זאך דורכצופירען אויף פאַרשידענע אופנים. די איינפאַכסטע זאַך איז אויסצומאַכען דעם טשעק פאַר דער גאַנצער סומע פון בענעפיט און מעלדען דעם, וואָס קומט די בענעפיט, אַז ער מוז פריער איינצאָלען די חובות, איידער ער באַקומט דעם טשעק, אַנדערש וועט ער דעם טשעק ניט באַקומען. אויף אַזאַ אופן פאַרשרייבט מען דאָס, וואָס מען קריגט פון מיטגליד, אויף דער דעביט זייט פון קעש־בוך (צום קרעדיט פון מיטגליד), און דאָס, וואָס מען צאָלט אויס — אויף דער קרעדיט זייט פון קעש־בוך אין דעם קאָלום ב ע נ ע פ י ט ס, און די זאַך איז ערליידיגט. מען קען דאָס אָבער אויך טאָן אויף אַן אַנדער אופן. עס ווערען אויסגעמאַכט צוויי טשעקס, איין טשעק פאַר דער סומע, וואָס דער מיטגליד איז שולדיג, און דעם צווייטען טשעק פאַר דער איבער־געבליבענער סומע. איין טשעק בלייבט אין ברענטש און דער צווייטער ווערט איבערגעגעבען צום באַטרעפענדען מיטגליד. אויף דער הכנסה זייט פון קעש־בוך ווערט פאַרשריבען די סומע פון טשעק, וואָס עס בלייבט אין ברענטש און אויף דער הוצאה זייט — די סומע פון ביידע טשעקס. צ. ב. ש., עס קומט איינעם אַ מיט־גליד פאַר 6 וואָכען קראַנקען־בענעפיט, וואָס באַטרעפט 48 דאָלער, און דער זעלבער מיטגליד קומט 15 דאָלער; דאַן מאַכט מען אויס צוויי טשעקס: איין טשעק פאַר 33 דאָלער און דעם צווייטען פאַר 15. פאַר דעם 15־דאָלערדיגען טשעק מוז דער סעקרעטאַר אַרויס־געבען אַ רעסיט און די סומע פאַרשרייבען אויף דער הכנסה זייט

פון קעש־בוך. אויף דער הוצאה זייט ווערט פאַרשריבען 48 דאָלער, וואָס איז אויסגעצאָלט געוואָרען פאַר בענעפיט.

## פ ר א ג ע

א מיטגליד האָט איינגעצאָלט זיין ביל פאַר דיוס מיט א טשעק און אזוי ווי עס טרעפט זיך, „בעונותינו הרבים", גאַנץ אָפט, האָט געפעלט געלט אין באַנק, אָדער עס האָט עפּעס אַנדערש פּאַסירט, און דער טשעק איז געקומען צוריק. דער באַנק האָט אויפגעפּאָדערט דעם ברענטש אויסצוצאָלען אַן אַנדער טשעק. ווי דאָס זאָל דאָס פאַרשריבען ווערען אין די ביכער?

## ע נ ט פ ע ר

דאָ דאַרפען באַטראַכט ווערען צוויי פּונקטען: ערשטענס, אַז דער טשעק, וואָס מען האָט אויסגעצאָלט דעם באַנק, איז ניט קיין „עקספּענס", נאָר אַן אויסגלייכונג („אַדזשאַסטמענט") און, צווייטענס, אַז ווען דער מיטגליד גיט אַן אַנדער טשעק, אָדער ער באַצאָלט קעש, מוז ער קריגען נאָך אַמאָל א רעסיט. דאָס וואָס דער מיטגליד צאָלט איין גייט דאָך אריין אין הכנסה. לאָמיר זאָגען, ער צאָלט איין 5 דאָלאַר, איז פאַראַן אין קאַסע מיט 5 דאָלער מער, אָבער ווען דער באַנק שיקט דעם טשעק צוריק, בלייבט דאָך דער טשעק ניט מער ווי א שטיקעל פּאַפּיר, און פון דער הכנסה איז גאָרניט געוואָרען. דעריבער „קאַנסעלט" די סומע, וואָס איז שוין פאַרשריבען אויף דער הוצאה („קרעדיט") זייט פון קעש־בוך, יענע סומע, וואָס איז שוין פאַרשריבען אויף דער הכנסה („דעביט") זייט פון קעש־בוך, און ווען דער מיטגליד צאָלט איין, צאָלט ער איין פון דאָס ניי און דעריבער מוז ער קריגען א נייעם רעסיט. מיט דעם אומגעקערטען טשעק דאַרף דער מיטגליד „געטשאַרדזשעט" ווערען ענטוועדער דורך א „דזשורנאַל ענטרי", אָדער, ווען עס ווערט קיין דזשורנאַל ניט געפירט, קען די טשאַרדזש אריינגעטראָגען ווערען גלייך אין לעדזשער. עס מוז אָבער אומבאַדינגט פאַרשטאַנען ווערען, אַז דער מיטגליד מוז קריגען אַ נייעם רעסיט. אפילו ווען דער באַנק פאָדערט ניט קיין נייעם טשעק און מאַכט אַליין

דעם טשארדזש, מוז דער טשארדזש דורכגעפירט ווערען דורכ'ן קעש־בוך. בכלל איז נייטיג צו נעמען אין אכט, אז אלע טשאר־דזשעס, וואָס דער באנק מאכט פאר קליינע באלאנסעס א. אז. וו., מוזען פארשריבען ווערען אויף דער זייט פון קעש הוצאה און אלע קרעדיטס פון באנק, ווי פאר אינטערעסט, מוז פארשריבען ווערען אויף דער זייט פון קעש הכנסה. „אוידיטינג קאָמיטעס“ דארפען דאָס באזונדערס נעמען אין אכט.

## פ ר א ג ע

עס איז פריער געזאָגט געוואָרען, אז ווען א טשעק קומט צו־ריק, דארף דערפון געמאכט ווערען א „דזשוירנאל ענטרי“, אויב עס ווערט געפירט א דזשוירנאל. ווי זאָל די „דזשוירנאל ענטרי זיין?

## ע נ ט פ ע ר

דער מיטגליד דארף באלאסטעט ווערען (דעביטירט ווערען) צו אלעם ערשטען און קרעדיטירט ווערען דארף די טרעזשורי, דער קעש־אקאונט. דעריבער איז ריכטיגער פאר אלץ, אז גלייך אויפ'ן פלאץ, ווען עס ווערט פארשריבען אויפ'ן קעש קרעדיט, זאָל דער מיטגליד דעביטירט ווערען. נאָר אזוי ווי דאָס וואָלט געווען פאר אייניגע אומפארשטענדליך, ווייל דער טשעק, וואָס ס'ווערט אויס־געצאָלט פאר אן אומגעקערטען טשעק, ווערט געוויינליך אויסגע־מאכט אין נאָמען פון באנק, קען מען די גאנצע זאך דורכפירען דורך דעם דזשוירנאל, וואָס איז באשטימט פאר אלגעמיינע זאכען, און די „דזשוירנאל ענטרי“ קען געמאכט ווערען אויף פאָלגענדען אופן: מען דעביטירט, נאטירליך, דעם מיטגליד און מען קרעדי־טירט א פיקטיווען (אויסגעטראכטען) אקאונט, וואָס הייסט „סו־ספענס“ (א זאך, וואָס הענגט אין דער לופטען) און ווען דער מיט־גליד צאָלט ווידער איין, דאַרפען שוין זיינע דיוס ניט אריין אין קאָלום פאַר מעמבערס, ווייל דאָס איז שוין אריין פריער, ווען ער האָט איינגעצאָלט דעם ערשטען טשעק, נאָר אין קאָלום „סאָנ־דריס“. דער מיטגליד ווערט איצט קרעדיטירט און דער אקאונט

„סוספענס“ קרעדיטירט און ממילא ווערט דער אקאונט „סאנדרים“ געשלאסען.

אין אלגעמיינעם לעדזשער וואלט דער אקאונט „סוספענס“ אי קרעדיטירט ווערען, אי דערנאך דעביטירט ווערען, און וואלט זיך פון זיך אליין געשלאסען.

## SUSPENSE A C

| Debit | Credit |
|---|---|
| To members $5.00 | By members $5.00 |

אז מען מאכט די ענטרים גלייך דורכ'ן קעש־בוך, פארשפארט מען די גאנצע טראבעל. ווען דער טשארדזש ווערט געמכאט גלייך אין לעדזשער, פארשפארט מען אויך די טראבעל, נאר עס איז ניט ראטזאם צו מאכען ענטרים גלייך אין לעדזשער. דער לעדזשער דינט בלויז צום פאוסטען פון ביכער, וואו אלץ ווערט פארשריבען גלייך. יעדענפאלס מוז מען האבען אין זינען די פאלגענדע פונקטען: 1) דער מיטגליד מוז דעביטירט ווערען, געטשארדזשעט ווערען, 2) דעם צווייטען מאל, ווען דער מיטגליד צאלט איין, ווערט ער שוין ניט פארשריבען אין קאלום „מעמבערשיפ“, און 3), און דאס איז דער עיקר, אז א צווייטער רעסיט מוז דעם מיטגליד ארויסגעגעבען ווערען.

נאטירליך, פאר די וואס פירען זייערע ביכער סטריקט, לויט די כללים פון „דאבעל ענטרי“, קען די זאך דורכגעפירט ווערען אויף א בעסערען וועג. נאר מיר דארפען זיך רעכענען מיט פאקטען מער ווי מיט טעאריע.

### פ ר א ג ע

אין פיל ברענטשעס צאלען איינינגע באאמטע קיין דיוס ניט. ווי זאל דאס דורכגעפירט ווערען אין די ביכער?

### ע נ ט פ ע ר

אויב די באאמטע צאלען קיין דיוס ניט, הייסט דאס אז זיי

קריגען אַ געוויסע באַלוינונג פאַר זייער ארבעט. אום זיך ניט צו פאַרדרייען דעם קאָפּ מיט צופיל „דזשורנאל ענטרים“ איז די לייכטסטע זאַך אויסצומאַכען אַ טשעק פאַר'ן באַאַמטען און נאָכ־דעם ווי עס ווערט אויסגעמאַכט אַ רעסיט פאַר דער סומע צו דעם באַטרעפענדען, ווערט דערזעלבער טשעק צוריק דעפּאָזיטעד.

פ ר אַ ג ע

ווי איז אויפ'ן לייכטסטען אופן צו פירען די חשבונות מיט'ן דזשענעראל אָפּיס און אויך מיט די אַנדערע דעפּאַרטמענטס (מע־דיקאל און סעמעטערי) ?

ע נ ט פ ע ר

מען שטעלט צוערשט פעסט, וויפיל עס באַטרעפען די דיוס פאַר אַ געוויסען קוואַרטאל. נעקסטען קוואַרטאל רעכענט מען צו די דיוס פון די נייע מיטגלידער און מען רעכענט אַרונטער די דיוס פון געשטראָכענע.

לאָמיר אָננעמען, אַז אין קוו. 87 איז אויסגערעכענט געוואָרען, אַז דעם דזשענעראל אָפּיס קומט פאַר אַלע מיטגלידער די סומע פון $80.25. עס איז אויך פריער געוועזען אַ באַלאַנס פון $10.00. עס זיינען צוגעקומען 2 מיטגלידער אין 88־טען קוואַרטאל: איינער 1־טע קלאַס, 20 יאָר אַלט, און נאָך איינער 2־טע קלאַס, 25 יאָר אַלט. עס האָט זיך אויך געשטראָכען איינער 1־טע קלאַס, 21 יאָר אַלט. דעם ערשטען מאָל דאַרף געניי אויסגערעכענט ווערען, לויט די טאַבעלען פון מאָרטשוערי פאָנד, יעדער מיטגליד באַזונדער און די דיוס פאַר אַלע אַנדערע פאָנדס, לויט ווי זיי זיינען פאַר דעם באַטרעפנדען קוואַרטאל, אַזוי ווי דיוס פאַר אַלע אַנדערע פאָנדס, ווערען געצאָלט גלייך פאַר אַלע מיטגלידער פון 1־טער, 2־טער און 4־טער קלאַס און אויך פאַר מיטגלידער פון קלאַס „איי“, קען די דיוס פון די פאָנדס גע'כופל'ט (מולטיפליצירט) ווערען אויף דער צאָל מיטגלידער פון די אויבענדערמאָנטע קלאַסען. מען דאַרף אויך צושטעלען צאָלונגען פאַר דיוס פון 3־טער קלאַס און די רעכענונג איז פאַרטיג. אָבער אום צו מאַכען ווידער די רעכענונג

אין נעקסטען קוואַרטאל, איז ניט נייטיג נאָך אַמאָל אויסצורעכענען אַלע מיטגלידער, נאָר צורעכענען די נייע מיטגלידער און אַרונטערעכענען די געשטראָכענע.

דיוס פאַר מיטגלידער צום דזשענעראל אָפיס,
87־טער קוואַרטאל — — — — — — — $80.25
איין נייער מיטגליד, 20 יאָר אַלט, 1־טע קלאַס,
מאָרטשוערי — — — — — — — — — 1.12
איין נייער מיטגליד 25 יאָר אַלט, 1־טע קלאַס,
מאָרטשוערי — — — — — — — — — 1.32
צוויי מיטגלידער פאַר אַנדערע פאָנדס, צו $2.16, 4.32

$87.01

רעכענט אַרונטער איין געשטראָכענעם
פאַר'ן מאָרטשוערי פאָנד — — $1.16
פאַר אַנדערע דיוס — — — — 2.16 $ 3.32

$83.69

אַלזאָ, קומט דעם אָפיס פאַר דיוס פון 88־טען
קוואַרטאל די סומע פון — — — — — $83.69
א באַלאַנס פון פריער — — — — — — — — 10.00

$93.69

מען דאַרף אַלזאָ ניט מאַכען קיין חשבונות יעדען קוואַרטאל פון אַלע מיטגלידער, נאָר פון די צוגעקומענע און געשטראָכענע. אויף דעם זעלבען אופן באַגייט מען זיך מיט אַנדערע דעפּאַרטמענטס.

### פ ר א ג ע

פיל סעקרעטאַרען באַקלאָגען זיך, אַז עס איז שווער צו מאַכען די חבורים פון לעדזשער, ווייל די סומען גייען אין דער ברייט.

איז ניט מעגליך זיך צו באנוצען מיט אנדערע סאָרטען לעדזשערס, אז מען זאָל קענען מאַכען די חשבונות אין דער לענג?

ענטפער

יע, נאַטירליך, קען אַן אנדער לעדזשער פארנעמען דעם פּלאַץ פון איצטיגען, ווי מיר האָבען שוין גערעדט אין דער נייַנטער לעק־ציע. עס וואָלט געווען אַ שווערע אויפגאבע צו געבען אַלע איינ־צעלהייטען, נאָר אויף דער נעקסטער זייט גיבען מיר אַ סקע־לעטאָן־פאָרמע.

די קאָלומס קענען געמאַכט ווערען פארשידענע, נאָר דער עיקר איז, אז דער לעדזשער איז אין דער לענג און אַם ענדע קוואַרטאַל קען מען לייכט אויפרעכענען וויפיל מיטגלידער האָבען געדאַרפט איינצאָלען און וויפיל זיי האָבען איינגעצאָלט.

דער נעקסטער קוואַרטאַל קען זיך אָנפאנגען מיט די זעלבע קאָלומס. דער חסרון פון אזא לעדזשער איז, אז עס קען זיין גענוג בלויז פאַר 3 אָדער 4 קוואַרטאַלען, די מעלות אָבער זיינען, ער־שטענס, וואָס עס קען פארשפּאָרט ווערען פּלאַץ און, צווייטענס, קען מען מאַכען די רעכענונגען לייכטער און אויך מאַכען די סך־הכל'ס אַם ענדע פון יעדען קוואַרטאַל.

# ערקלערונג פון איניגע טעכנישע ווערטער, וואָס קומען פאָר אין בוך

אוידיטען — בוכשטעבליך מיינט עס אויסהערען. אין אָנגעגומענעם זין מיינט דאָס עקזאַמינירען, אונטערזוכען; אויסצוגעפינען אויב אַלץ וואָס ס׳איז פאַרשריבען אין די ביכער איז ריכטיג און אויב איניגע זאַכען זיינען אין גאַנצען ניט אויסגעלאָזען געוואָרען.

אוידיט — אונטערזוכונג פון דאָקומענטען און ביכער, נאָכצוזען אויב אַלץ איז אין אָרדענונג.

אינוועסטמענטס — דאָס אָפּלייגען פון אַ געוויסער סומע געלט פאַר אַ געוויסען צוועק.

אַקאַונט — רעכענונג (קאָנטאָ), צוזאַמענגעשטעלט אויף אַ סיסטעמאַטישען אופן.

אַסעסמענטס — אַרויפגעלייגטע צאָלונגען.

אַדזשאַסטמענט — אויסגלייכונג פון רעכענונגען.

אָרידזשינאַל ענטרי — די ערשטע איינשרייבונג. ביכער פון אָרידזשינאַל ענטרי מיינען אַזעלכע ביכער, וואו עס ווערען געמאַכט די ערשטע (אָריגינעלע) איינשרייבונגען.

אַדמיניסטריישאַן פאַנד — געלט וואָס דעקט די קאָסטען פון פאַרוואַלטונג.

אָרגאַניזיישאַן פאַנד — געלט וואָס ווערט געקליבען פון מיטגלידער פאַר אַ ספּעציעלען פאַנד צו פאַרגרעסערען די אָרגאַניזאַציע.

אינסטאָלירען — איינשטעלען, ברענגען אַ זאַך אין פולער אָרדענונג.

אַפּידייוויט — אַ געשריבענע שבועה.

באָנד — אַ וועקסעל פאַר אַ לענגערער צייט.

באַלאַנס — אויסגלייכונג. די סומע וואָס פעלט אום אַ רעכענונג זאָל זיך אויסגלייכען.

באַלאַנס סטייטמענט — אַ סטייטמענט וואָס גיט אָן געניי פאַרמעגען און שולדען.

בענעפיט — אַ סומע געלט וואָס איינער קריגט אין דער צייט פון אַ נויט.

בענעפישיארי — דער פאַר וועמענס טובה די געלט איז באַשטימט.

גראָס — די סומע וואָס אַנטהאַלט די חשבונות אויף אַ ניט־פּאַרטיגען אופן.

דעפיציט — דאָס וואָס פעלט. קעש דעפּיציט מיינט: עס פעלט געלט אין קאַסע, אָדער די הוצאה איז גרעסער ווי די הכנסה. קאַפּיטאַל דע־פיציט מיינט: עס פעלט געלט פון דער סומע וואָס מען האָט אינ־וועסטעט.

דעביט — אַ באַלאַסטונג מיט אַ חוב.

דעביטירען — באַלאַסטען אַ רעכענונג (קאָנטאָ) פאַר דאָס וואָס עס ווערט גענומען.

דאבל ענטרי — דאָפּעלטע בוכפירונג. אַ סיסטעם אין בוכפירונג, וואו עס פאָדערט זיך, אַז אין יעדער זאַך וואָס ס'ווערט פאַרשריבען זאָל אָנגעגעבען ווערען דער דעביטאָר און דער קרעדיטאָר. די רעכענונג וואָס האָט גענומען און די רעכענונג וואָס האָט געגעבען.

דזשוירנאל — א טאָג־בוך גלייך צו פאַרשרייבען אַלע רעכענונגען אין דעם סדר ווי זיי קומען פאָר.

דזשוירנעלייזען אין „דאָבל ענטרי“ מיינט אויסצוגעפינען דעם דעבי־טאָר און דעם קרעדיטאָר.

דיום — די צאָלונגען וואָס עס קומט פון מיטגלידער.

דופּליקייט — אַ צווייטע קאָפּיע פון אַ דאָקומענט.

דיסבוירסמענטס — אויסגאַבען פון געלט.

דעפּאַטמענט — אָפּטיילונג.

דיסקאונט — אַרונטעררעכענען געלט פון חוב פאַר אינטערעסט.

וואוטשער — אַ באַווייז אַז אַ געוויסע הוצאה איז געמאַכט געוואָרען.

ווייווער — אַן אָפּזאָג פון אַ פּריווילעגיע.

טרייעל באַלאַנס — אַ פּראָבע־באַלאַנס.

טריפּליקייט — אַ דריטע קאָפּיע פון אַ דאָקומענט.

טראַנספער — איבערגאַנג פון איין פּלאַץ צום צווייטען.

טראַסטי — איינער וועלכער איז אַ ממונה איבער אַ פאָנד.

טעקסעס — אַרויפגעצוואונגענע אָפּצאָלונגען.

לעדזשער — אַ בוך אין וועלכען אַלץ ווערט איבערגעטראָגען צו מאַכען דעם סך־הכל. אַ בוך פון סך־הכל'ס (הויפּטבוך).

לייאביליטיס — שולדען פאַר וועלכע מען איז פאַראַנטוואָרטליך (פּאַ־סיווא).

מעמבער עט לארדזש — אַ מיטגליד וואָס געהערט ניט צו קיין ברענטש, נאָר צו דער אַלגעמיינער אָרגאַניזאַציע.

מאַרטשוערי — געלט וואָס ווערט געקליבען פון מיטגלידער צו פאַר־

זאָרגען אַז די אינשורענס אין טויטען־פאַלען זאָל קענען געדעקט ווערען.

מאָרטישוערי טייבעלס — טאַבעלען אין וועלכע עס ווערען אויסגערעכענט דער דורכשניטליכער לעבען פון אַ מענשען.

נעט — ריין פון אַלע באַלאַסטונגען.

נעט קאַפּיטאַל — דער ריינער, אמת'ער קאַפּיטאַל.

נעט פּראָפיט — דער פּראָפיט פון וועלכען קיין זאַך דאַרף שוין ניט אַרונטערגערעכענט ווערען.

נאָמיטאַל — בלויז אין נאָמען, ניט קיין ממשות'דיגער.

נאָמינאַל אַקאַונט — אַ רעכענונג פון זאַכען וועלכע מיר קענען בלויז באַגרייפען מיט אונזער שכל, אָבער ניט מיט אונזערע חושים. אַ געווין און פאַרלוסט רעכענונג.

סוספּענס אַקאַונט — אַ רעכענונג וואָס איז נאָך ניט פעסטגעשטעלט געוואָרען. אַ זאַך וואָס הענגט אין דער לופטען.

סוירפּלוס — אַן איבערשוס. אַ סומע וואָס איז צוגעוואַקסען. „סוירפּלוס וואַליו" מיינט אַ צוגעקומענער ווערט (עס ווערט באַשאַפען דורך אַרבעט). סוירפּלוס קאַפּיטאַל — צוגעוואַקסענער קאַפּיטאַל.

סינגעל ענטרי — איינפאַכע בוכפירונג, וואו יעדע זאַך ווערט בלויז איינמאָל פאַרשריבען.

סטייטמענט — אַ סיסטעמאַטישע צוזאַמענשטעלונג פון רעכענונגען. (אינקאַם סטייטמענט מיינט אַ רעכענונג פון איינקונפטען און פאַרלוסטען.

ענטרי — איינשרייבונג אין בוך.

עווערעדזש — דורכשניטליך.

עסעטס — זאַכען וואָס מיר פאַרמעגען (אַקטיוואַ).

פאָליאָ — אַ זייט אין אַ בוך וואָס האָט אַ נומער.

פּראָטוירנאַל רייטס — צאָלונגען לויט נאָך די יאָרען פון אַרייננעקומענע מיטגלידער, וואָס זיינען אויסגעאַרבייט געוואָרען אויף אַ קאָנגרעס פון ברידערליכע פאַראיינען.

פּראָפיט און לאָס — געווין און פאַרלוסט.

פּאָוסטען — איבערטראָגען פון איין בוך אין צווייטען.

קאָלום — אַן עמיד פון אַ בוך אָדער צייטונג.

קעש־בוך — אַ דזשורנאַל צו פאַרשרייבען אַלע געלט־איננאַמען און אויסגאַבען.

קרעדיטירען — אַרונטערנעמען דעם לאַסט פון אַ חוב (פאַר'ן געבען).

קרעדיט — אַנטלאַסטונג.

רעקאָרד — אַ צייכען וואָס ווערט געמאַכט אום אַ געוויסער פאַל זאָל ניט פאַרגעסען ווערען (דורך פאַרשרייבען א. אַז. וו.)

רעאימבוירסען — צוריק אויסצאָלען.

